# די
# אינדישע פרינצעסין

א ראמאן פון

ליעבע, ליידענשאפט, ראכע און מארד

פון

ליטווישען פילאזאף

צווייטע אויפלאגע

1930
HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 BROADWAY, NEW YORK
*Printed in U.S.A.*

צו מיין טאָכטער מ י נ א ז ע ל י ק א ו י ץ וואָס האָט געזאָלט געבוירען ווערען.

טאָכטער! מיט פיער יאָהר צוריק האָבען מיר דיר ערוואַרטעט אין אונזער הויז מיט די גרעסטע אונגעדולד. איך האָב שוין געהאַט אָנגעגרייט פאר דיר אַ שעהנעם נאָמען — מינאַ — און פאר'ן חזן 18 סענט, ער זאָל דיר דיזען נאָמען געבען. טאָכטער! דו האָסט וואהרשיינליך דאַן פארגעסען די אדרעסע, און דאַן אויף דיין פּלאַץ איז געקומען אַ אינגעלע מיט בלאָנדע לאָקען אַ „וועלוועלע" ווי זיין באָבע רופט איהם, אָדער „ווילי" ווי זיין נאָמען איז אין קינדער גאָרטען.

מינאַ! איך דאַנק דיר פיר דעם חסד וואָס דו האָסט מיט אונז דאַן געטאָן, און אַלס צייכען פון דאַנקבאַרקייט ווידמע איך צו דיר דיזען ראָמאַן דאָרט אין זעעלען לאַנד. דיין נאָמען האָב איך אָפּגעגע־בען צו אַ אידישע העלדין פון דיזען ראָמאַן, ווייל אויך איהר נשמה איז געבליבען ריין אין איהר מאַיעסטעטישען גלאַנץ, פּונקט ווי דיין קליינע נשמה'לע וועלכע שוועבט נאָך ארום אויף גאָלדענע וואָלקענס דאָרט אין דאָס לאַנד פון זעעלען.

— עמפּפאַנג דיזען ראָמאַן, און לאָמיר בלייבען אויף אימער גוטע פריינד פון דערווייטענס.

ד ע ר  פ ע ר פ א ס ע ר.

ערשטער קאפיטעל

# וואו איז ער?

צווישען די הויכע בערג ניט ווייט פון בענגאל, די אלטע היס־טארישע שטאדט פון אינדיען, האט זיך געשלעפט לאנגזאם א קאמפאני וואנדרער. די זון האט לאנג געזונקען הינטער די בערג און די וואלקענס זיינען געווען שווארץ ווי טינט. די שטילקייט פון געגענד האט געווארפען א שרעק אויף די וואנדרער, און אלעם האט געצייגט אויף א קומענדען גרויסען שטורם.

די רייזענדע זיינען געווען די פאלגענדע: זעקס הינדוס אדער אינדיאנער וועלכע האבען געטראגען א רייזע שטוהל. און א יונגער מאן איז געזעסען אינווייניג און זעקס אנדערע אינדיאנער זיינען געגאנגען פאראוים מיט ברענענדע פאקעלען.

ביי דער זייט פון רייזע שטוהל איז נאכגעגאנגען א קליינער אינדיאנער אונגעפעהר 14 יאהר אלט מיט א זעהר קלוגע געזיכט און מיט גרויסע שווארצע אויגען. פון הינטען איז נאכגעריטען א מאן מיט א קאמישע געזיכט און רויטע האאר.

ווען אונזערע וואנדרער זיינען געווען אויפ'ן שפיץ בארג, און האבען בעדארפט אראבגעהן, האבען די אינדיאנער לאנגזאם אראבגעלאזען דעם רייזע שטוהל אויף דער ערד און האבען געווארט.

— קאזיל! קאזיל! — האט אויסגעשריען אין רייזע שטוהל א מוזיקאלישע שטימע אין ענגליש — קאזיל, קום אהער, איך האב דיר וואס צו זאגען.

דער קליינער אינדיאנער וואס איז פריהער נאכגעגאנגען ביי דער זייט, איז צוגעגאנגען און געפרעגט:

— וואס ווינשט מיין גנעדיגער הערר?

— פרעג זיי ווארום האבען זיי זיך אבגעשטעלט? האט דער רייזענדער ערווידערט.

זיי זיינען מיד, און זיי ווילען זיך פעררוהען איידער זיי טראגען אייך בארג אראפ.

— ווי ווייט איז נאך ביז בענגאל?

— זעקס שטונדען האבען מיר נאך צו וואנדערען, מיין גנע־דיגער הערר, און מיר וועלען דארט אנקומען מארגען מיט׳ן מאר־גנעשטערען צוגלייך.

— ביסטו זיכער, קאזיל? — האט דער שטאלצער רייזענדער ווידער געפרעגט.

— געוויס, מיין הערר, סיידען דער שטורם זאל חלילה אויס־ברעכען, און איך האב שטארק מורא אז דער שטורם ווינד וועט אונז פיעל שטערען.

קאזיל האט קוים געענדיגט רעדען, ווען א ווילדער שטורם האט אויסגעבראכען, און די אינדיאנער האבען זיך אלע געקניט מיט זייערע געזיכטען צו דער ערד.

— די שטימע פון שטן „סיווא"! — האבען זיי געמורמעלט אונטער די ציין — די שטימע פון גאט ס י ו ו א לאזט זיך יעצט הערען, און נור דער גוטער גאט ו ו י ש נ ו קען אונז רעטען פון געפאהר.

— וואס טהוט זיך דא, קאזיל! — האט דער רייזענדער ווידער אויסגעשריען — ווארום ווארטען זיי? לאמיר זיך איילען וואס גיכער, דען —

— גנעדיגער הערר — האט דער יונגער בעגלייטער אונטער־בראכען — מיר קענען זיך ניט העלפען, ווייל דער שטורם וועט געוויס אנהאלטען א גאנצע נאכט, און ווען מיר וועלען זיין בארג אראב, זיינען מיר אין געפאהר פערפלייצט צו ווערען. מיר מוזען דא ווארטען.

דער רייזענדער איז געבליבען זיטצען א ווייל שטיל, און האט זיך ענדליך געווענדעט צו זיין ענגלישען קאמערדינער וועלכער איז נאכגעריטען פון הינטען.

— וואס זאגסטו, סטאפ?

סטאפ איז אראבגעקראכען פון זיין פערד, האט אראבגענו־מען זיין קיווער און געענטפערט מיט רעספעקט:

— וואס זאל איך זאגען, מיין גנעדיגער הערר? מיר זיינען דא אין א טייפלישע מדינה. יעצט זעה איך אז אינדיען איז ניט ענגלאנד,ביי אונז ווייסען מיר ניט פון זעלכע היצען ביי טאג, און פון זעלכע שטורעמס ביי נאכט

סטאפ האט געוואלט עפעס נאך מעהר זאגען, אבער דער שטורם האט איהם אבגעהאקט אין מיטען. א פייפענדער ווינד האט געשמיסען זיין געזיכט, און עס איז געווען א צער צו קוקען ווי דאס פערד האט זיך געטרייסעלט.

— אבער מיר מוזען דא געפינען א פלאטץ וואו מיר זאלען זיך בעהאלטען פון שטורם און פון גוסרעגען ביז עס וועט אלעס פאר־איבער — האט דער רייזענדער געזאגט מיט אונגעדולד צו זיין קאמערדינער סטאפ און צו זיין קליינעם אינדיאנישען בעגלייטער — זאג מיר קאזיל, ווייסטו דא ניט א שטיקעל הייל, אדער אזוי א שטיקעל פלאטץ וואו מיר קענען געפינען א געצעהלט?

— ס'איז ניטא.

דער רייזענדער האט ארויסגעשטעקט זיין קאפף פון רייזע שטוהל, און וועהרענד די בליטצען האבען געשפאלטען דעם הימעל, האט ער בעמערקט א הונדערט פוס ווייט א שנור גרויסע און קלע־נערע בערג.

— וואס איז דארט? — האט דער רייזענדער געפרעגט ווייזענדיג מיט'ן פינגער.

— דארט איז די גרויסע חורבה פון דעם פארצייטיגען טעמ־פעל וואס די אינדיאנער האבען מיט טויזענטע יאהרען צוריק גע־בויט צום בייזען גאט סיווא — האט קאזיל ערווידערט מיט צי־טערנים.

— גוט — האט דער ענגלענדער אויסגעשריען — מיר וועלען זיך מוזען ווענדען צו דיזען בייזען גאט ער זאל אזוי גוט זיין האטש א י י ן מאל און אונז לאזען איבערנעכטיגען. געה קאזיל, זאג דיינע לאנדסלייט זיי זאלען וואס גיכער זיך נעהמען צום וועג. קאזיל האט ניט געענטפערט.

— האסטו ניט געהערט, קאזיל? — האט דער ענגלענדער אויסגעשריען.

— גנעדיגער העדר — האט קאוויל אויסגערופען — איך האב יא געהערט און פערשטאנען, אבער איהר פערלאנגט דאס וואס איז אונמעגליך. דאס איז די חורבה פון סיווא'ס אלטען טעמפעל, און דער טויט שפאצירט דארט ארום טאג און נאכט. דער בייזער גאט סיווא, דער פרינץ פון אלע משחיתים וואהנט אין דיזען

בארג — און ווען ער גיט נאר איין קלאפ מיט זיין שווארצען פליגעל, דאן זיינען מיר אלע פערפאלען.

— מיר קימערט ווייניג אויב סיוואה'ס פליגעל איז שווארץ אדער ווייס — האט דער ענגלענדער געזאגט לאכענדיג — אבי זיין פליגעל זאל נאר זיין גרוים גענוג אונז צו בעשיטצען פון שלעכטען וועטער. איך גלויב ניט אין די נארעשקייטען.

קאזיל האט זיך געווענדעט צו די אינדיאנער און נאך א קורצען געשפרעך מיט זיי, האט ער געזאגט צום ענגלענדער:

— זיי ווילען זיך ניט ריהרען פון ארט.

— איך בעפעהל אייך איהר מוזט טאן מיין באפעהל — האט דער ענגלענדער געדונערט מיט צארן.

קיין ענטפער.

ווי אונזער רייזענדער האט געזעהן אז זיין באפעהל העלפט ניט צו בעקעמפפען די פאנאטישע אינדיאנער, איז ער ארויסגעקראכען פון זיין רייזע שטוהל און געמורמעלט:

— איך מיט מיין דיענער סטאפ וועלען שוין אליין געפינען דעם געצעלט וואס מיר זוכען.

און איך וועל אייך בעגלייטען, גנעדיגער העדר — האט קאזיל געזאגט ווייענדיג.

האסטו דען קיין מורא? קום לאמיר געהן.

קאזיל האט געבעטען די הינדוס זיי זאלען ווייניגסטענס נאכטראגען דעם רייזע שטוהל ביז ניט ווייט פון חורבה, און זיי האבען עס פערשפראכען.

זיי האבען צוגעטראגען דעם רייזע שטוהל ביז פון דער זייט חורבה, האבען עס צוריק אראבגעשטעלט און האבען זיך ווידער געקניעט מיט די געזיכטער צו דער ערד אין רעכטען שטורם.

— קום קאזיל, קום סטאפ — האט דער ענגלענדער געזאגט לאכענדיג — לאמיר אריינגעהן זעהן וואס עס טהוט זיך אינוועניג, מיר זיינען דאך קיינע קינדער.

קאזיל האט גענומען א ברענענדען פאקעל אין האנד, און איז געגאנגען פאראויס. זיין בראנזענע געזיכט איז געווען בלאס און זייני קניע האבען געציטערט. אויך סטאפ האט זיך גענוג געשראקען

אריינגעהענדיג אין חורבה. נאר, דער ענגלענדער איז געווען גלייכ־גילטיג און האט זיך ניט געקימערט.

דער ענגלענדער האט צוגענומען פון קאזיל׳ס האנד דעם פאַ־קעל, און האט געוואָרפען זיינע בליקען רעכטס און לינקס. ער האט בעמערקט אן אזייט א טיהר פון א פערמאכטען הייל, און דערביי איז געשטאנען א שטיינערנע העסליכע פיגור, וואהרשיינליך פון איין אינדיאנישען גאט.

דער ענגלישער רייזענדער האט געקענט אלט זיין פון 28 ביז 30 יאהר. זיינע האאר ווארען בלאָנד כמעט גאָלד קאָליר, און אזוי קורץ צום קאפף אז זיי האבען זיך געקענט זעהר לייכט פריזירען. זיינע אויגען עכט בלוי, האבען אויסגעדריקט זיסקייט, זיינע בלאָנ־דע שנורבארד, זיינע ברייטע שולטערען און זיין אריסטאָקראטישען בליק האבען איהם געשטעמפעלט מיט׳ן זיגעל פון די ענגלישע מאג־נאטען.

קאזיל האט געמאכט א גוטען פייער אין הורבה, ער האט ארויסגענומען פון רייזע שטוהל צוויי קישענס און האט זיי אונטער־געלייגט זיין הערען.

— דאס איז פאר אייך — האט דער קליינער אינדיאנער בע־מערקט — דער שטורם וועט דויערען א גאנצע נאכט. ווען איהר וועט האבען עטוואס טרוקען געמאכט אייערע קליידער, זאלט איהר אייך דא הינלעגען, און איהר וועט שלאפען גאנץ גוט.

— איך דאנק דיר, קינד, פאר דיין גוטהערציגקייט — האט דער ענגלענדער אויסגערופען מיט פרייד.

— אה דאנקט מיר ניט. וויפיעל איך טהו פאר אייך, איז נאך אלץ וויינינג. אייער פאטער האט מיר געדעטעט דאס לעבען. ווען ניט ער, וואלטען שוין היינט מיינע ביינער געפוילט אין דער ערד. איך האב קיין געלעגענהייט צו דאנקען אייער פאטער — לאָמיך אייך דאנקען.

דער רייזענדער האט געדריקט קאזילען די האנד מיט דאנק און איהם געפרעגט:

— וואס וועסטו טהון, ווען איך וועל שלאפען?

איך וועל וואכען איבער אייך.

— ביזטו דען געמאכט פון שטיין?

— יאָ, ווען איך וויל.

דער רייזענדער האָט זיך אויסגעצויגען אויף זיין געלעגער, און איז באלד איינגעשלאָפען. קאַזיל האָט פערלעגט די הענד, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַן וואַנד און געקוקט אויף דעם שטיינערנעם געטץ זינגענדיג שטילערהייט אַ ליעדעל אין זיין מוטער שפּראַך. סטאָפּ האָט געדרעמעלט זיצענדיג.

פּלוצלונג האָט זיך עטוואָס געריהרט הינטערען געטץ, אַ שטיין האָט זיך אַראָבגערוקט גאַנץ לאַנגזאַם און אויפ׳ן פּלאַטץ איז גע־בליבען אַ גרויסע עפענונג, פּונקט געגענאיבער דעם שלאָפענדען ענג־לענדער.

איינינגע סעקונדען איז דער פּלאַטץ אַזוי געווען אָפּען ביז עס האָט זיך פּלוצלונג בעוויזען אַ זאָנדערבאַרע ערשיינונג וואָס איז געווען קיין אַנדער זאַך ווי דער קאָפּ פון אַ יונגע פרוי בלאַס און שעהן.

דער קאָפּ פון דיזער פרוי איז געווען געקריינט מיט אַ גרויסע צירונג פון לויטער דיאַמענטען. איהרע ליפּען עכט ראָי, און איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען האָבען געשליידערט מאַגנאַטישע בליקען אויף דעם שטילען שלאָפער. דער קאָפּ פון דער פרוי האָט געהאַט עטוואָס אַ מאיעסטעטישעם אויסזעהן וואָס קיין פעדער איז אין שטאַנד צו בעשרייבען.

קאַזיל וועלכער האָט געדרימעלט האָט קיין זאַך ניט בעמערקט פון אָנפאַנג.

פּלוצלונג איז דער קאָפּ צוריק פערשוואונדען און די עפנונג איז ווידער געבליבען ליידיג. עס האָט האָבער לאַנג ניט געדויערט, און די עפענונג האָט זיך פערמאַכט ווי פריהער. קאַזיל האָט גע־עפענט די אויגען ווען די סצענע האָט זיך געביטען, און ער האָט גע־וואָלט געבען אַ געשריי, אָבער זיין שטימע איז געשטאָרבען אויף זיי־נע ליפּען, און פון גרויס שרעק איז ער געבליבען ווי אַן לשון.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך ווידער געעפענט די טיהרל פון הייל און אַ גרויסער אינדיאַנער מיט ברייטע שולטערען האָט זיך בעוויזען מיט׳ן פינגער אויף זיינע ליפּען, אום צו בעפעהלען אַז מען זאָל שווייגען.

קאַזיל האָט אַראָבגעלאָזען זיינע אויגען.

דער גרויסער אינדיאַנער האָט זיך אַרויסגעהויבען פון דער עפּענונג, באַרוועס, און האָט אָנגעפאַנגען געהן צו דעם שלאָפענ־דיגען ענגלענדער. אין דער צייט ווען דער שעהנער קאָפּ פון די בלאַסע פרוי האָט זיך ווידער בעוויזען אין דער עפּענונג, און זי האָט נאָכגעקוקט מיט גרויס אינטערעס וואָס דער אינדיאַנער וועט טאָן מיט דעם פערשלאָפענעם פרעמדען.

דער אינדיאַנער האָט אַרויסגענומען פון גאַרטעל אַ קריסטאַלע־נע פלעשעלע, האָט אַרויסגעגאָסען אייניגע טראָפּענס אויף די שליי־פען פון דעם שלאָפּעדיגען, און זיין אָטהעם האָט זיך אָבגעשטעלט.

דער אינדיאַנער האָט דערנאָך דאָס זעלבע געמאַכט מיט דעם קאָמערדיענער סטאָפּ, און ער האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צום ענגלענדער הערען אויב זיין אָטהעם האָט אין גאַנצען אויפגעהערט. ער האָט באַלד איהם אויפגעהויבען פון זיין געלעגער, האָט איהם אַרויפגענומען אויף זיינע אָרימס און האָט איהם געטראָגען צום טיהר פון הייל וואָס איז נאָך אַלץ געווען אָפען.

— איז מיין מייסטער פעראורטהיילט צום טויט? — האָט קאזיל געפרעגט מיט שרעק.

— ניין — האָט דער אינדיאַנער געענטפערט. נאָר דו, יונ־גער מאַן, זאָלסט דאָ בלייבען ביז איך וועל צוריקקומען.

— ווען קומט איהר צוריק?

— מאָרגען אָווענדס אין דיעזע צייט. דיין מייסטער איז ניט טויט.

דער גרויסער אינדיאַנער האָט אַזוי געטראָגען זיין לעבעדיגע פראַכט ביז דער עפנונג פון הייל ווען די שעהנע פרוי האָט זיך ווי־דער בעוויזען, און אין אַ מינוט אַרום זיינען זיי אַלע פערשוואונדען.

צווייטער קאַפּיטעל

## דער גאָלדענער היהנער-פּלעט

יעצט זאָל דער לעזער מיט אונז נאָך געהן מיט'ן אינדיאַנער.

ער האָט אַראָבגעטראָגען דעם שלאָפענדען ענגלענדער אַפער־ציג, פופציג טרעפּ.און איז אַריין אין איין הייל וואָס איז געווען עט־

וואָס בעלויכטעט פון אַ קליינעם לאַמפּ. ווען דער גרויסער אינדיאַנער האָט ענדליך דערגרייכט דעם לעצטען טרעפּ, האָט איהם ערוואַר־טעט די שעהנע אונבעקאַנטע פרוי. זי איז געווען איינגעוויקעלט אין אַ דינעם מאַנטעל פון ווייסע טול דורכגעוועבט מיט גאָלדענע בלומען, און זי האָט געטראָגען אויפ'ן געזיכט אַ קליינע עלעגאַנטע מאַסקע פון אַטלעס. מען האָט ארויסגעזעהן איהרע גרויסע שוואַר־צע אויגען וואָס האָבען געהאַט אַ בעזאָנדערען גלאַנץ און זעלטע־נעם פייער.

דיעזע פרוי איז געווען פון מיטלען וואוקס, אַ האַלז וויים ווי אַלבאַסטער, ברייטע שולטערען, פעסט געבויט און איהר טאַליע איז געווען אָבגעגאָסען מיט אַ רייצענדען חן. איהרע קליינע אַריסטאָ־קראַטישע הענד זיינען געווען בעפּוצט מיט בריליאַנטען. צוויי ראָזע פאַנטאָפעל האָבען האַלב בעדעקט איהרע קליינע פיס.

— איך האָב אייך געפאָלגט מאַדאַם—האָט דער גרויסער אינ־דיאַנער געזאָגט — אָט איז דער פרעמדער.

וואָס איז דיין מיינונג, סאַגאַר? — האָט זי געפרעגט מיט ענטציקונג — איז ער ניט שעהן ווי אַ מלאך און ליעבליך ווי אַ בייבי?

— וואָס וויים איך, מאַדאַם?

— וואָס הייסט „דו ווייסט ניט"? האָסט איהם דאָך געזעהן?

— איך האָב איהם גאַנץ גוט בעטראַכט — האָט דער אינ־דיאַנער ערווידערט מיט אַ שמייכעל — אָבער איך בין קיין מבין אויף זעלבע ווייסע געזיכטער מיט בלאָנדע האאַר. די ענגלישע מע־נער וועלכע האָבען עהנליכקייט צו פרויען, זיינען אין מיינע אויגען קיינע פאַרשוינען.

די פרוי האָט זיך צולאַכט אונטער איהר מאַסקע.

— סאַגאַר! — האָט זי געזאָגט — וואו זיינען מיינע דיע־נער?

— אין צווייטען הייל אונטער דער ערד איז געווען דער ענטפער.

— איך וויל געהן אין מיין פּאַלאַץ האָט זי בעפאָהלען — זאָג די דיענער זיי זאָלען אַריינברייגגען דעם רייזע שטוהל און אַריינטראָגען דעם פרעמדען אין מיין פּאַלאַץ.

סאַגאַר האָט זיך פערנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען געבען דעם בעפעהל.

די שעהנע פרוי האָט אַרויסגענומען פון איהר גאַרטעל אַ שליסעל, האָט אויפגעשלאָסען אַ זייט טיהר און צוועלף נעגערס געקליידעט אין רויט האָבען זיך באַלד באַוויזען מיט אַ שעהנעם געפאַרבטען רייזע שטוהל וואָס זיי האָבען געטראָגען אויף שטאַנגען.

די נעגערס האָבען זיך פערנייגט אין דער צייט ווען סאַגאַר איז אַריינגעקומען, האָט גענומען דעם שלאָפענדען ענגלענדער און האָט איהם אַריינגעלעגט אין זייער שטוהל. די שוואַרצע דיענער האָבען זיך באַלד אויפגעהויבען און האָבען געטראָגען אויף זייערע שולטערן די האַלב טויטע פראַכט. סאַגאַר און די פרוי זיינען נאָכגעגאַנגען שטיל.

זיי זיינען אַלע אַריין אין היי׳ל דורך אַ לאַנגען קאָרידאָר ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם פּאַלאַץ, זיי זיינען דורך אייניגע גרויסע צימערען און זיי זיינען ענדליך אַריין אין אַ גרויסאַרטיגען צימער זעהר שוואַך בעלייכטעט.

די גאַנצע מעבעל פון דיזען צימער איז געווען אַ נידעריגע ברייטע זאָפאַ פון רויטליכע זייד און אין מיטען צימער זיינען געלעגען צוואָרפען רעכטס און לינקס שעהן באַצויגענע קישענס, אויף דעם אָריענטאַלישען שטייגער, און די ווענט זיינען בעהאַנגען מיט עכט אַראַבישע פּאַרהאַנגען און זעהר אַנגענעהם פּאַרפומירט.

סאַגאַר האָט אַוועקגעלעגט דעם פרעמדען אויפ׳ן זאָפאַ, האָט זיך פערנייגט און האָט איבערגעלאָזען די מאַסקירטע פרוי מיט דעם שלאָפענדען ענגלענדער.

די פרוי האָט זיך געקניט פאַר׳ן זאָפאַ און האָט בעטראַכט מיט טיפע אויפמערקזאַמקייט דעם שעהנעם קאָפּ פון איהר גאַסט, זי האָט בעדעקט זיין שטערען מיט צאַרטע קישען, און זי האָט אַרויסגענומען פון בוזים אַ פלעשעלע, און וועלכע עס האָט זיך אָבגעשפּילט אַ רויטען קאָליר. זי האָט געעפענט די פּראָפּקע און האָט געגעבען שמעקען דעם שלאָפער.

דער אָטהעם האָט זיך אָנגעפאַנגען ווייזען ביסלאַכווייז און זיינע ברעמען האָבען אָנגעפאַנגען זיך ראַנגלען אום זיך צו עפענען.

ווי זי האָט געזעהן דאָס דער שלאָפענדער האַלט שוין אין גאַנ־

צען ביים עפענען זיינע מידע אויגען, האט זי גענעבען א שפרונג דורכ'ן טיהר און האט זיך בעהאלטען הינטער א דיוואן. זי האט געוואלט זעהן וואס פאר אן איינדרוק עס וועט מאכען אויף איהם ווען ער וועט זיין אין גאנצען ערוואכט אין איין אונבעקאנטען פלאץ וואו ער האט זיך ניט געלייגט.

צוויי מינוטען זיינען פאריבער. דער שלאפעדיגער האט זיך בעוואויגען, האט זיך געריהרט לאנגזאם, ביז ער האט ענדליך געעפענט זיינע אויגען, און האט זיך אנגעשפארט אן זיין עלענבויגען.

וואס האט ער דיזע ווייל׳ע געפיהלט?

ער איז דאכט זיך ענטשלאפען געווארען אין דעם וויסטען טעמפעל פון סיוואַ, אונטער די פערשווארצטע שטיינער פון א חורבה און אויפגעחאפט האט ער זיך גאר אין איין עלעגאנטען צימער פארפומירט מיט די טהייערסטע בשמים. וואס טהוט זיך דא! זיין איבערראשונג איז געוועהן א ווילדע. אבער זי האט לאנג ניט געדויערט, דען ער האט באלד געפונען איין ערקלעהרונג. ער איז וואהרשיינליך אונטער דעם איינפלוס פון א זיסען חלום וואס האט געעפענט פאר איהם די טויערען פון כרובים לאנד, יענע צויבער לאנד פון גרויסען „אפשר"... אזוי ווי ער איז געווען איבערצייגט ביי זיך אז ער טרוימט, איז דיזע סצענע געווען ביי איהם זעהר נאטירליך, און ער האט ערווארטעט נאך וייטערע ערשיינונגען, פאנטאסטישע בילדער פון טויזענד אין איין נאכט! ווי ער איז אזוי געלעגען און געטראכט וועגען זיין חלום, האט ער געהערט א שטראם טענער פיאניסימא וואס האבען פערפלייצט דאס צימער מיט די זיסעסטע מוזיק פון אריענט. עס איז ניט געווען קיין מוזיק פון די באקאנטע איטאליענישע אפעראס, קיינע דראמאטישע הארמאניע פון וואגנער'ס מוזיק דראמאס זאנדערן ריהרענדע מעלאדיען וואס זיינען געווען שוועסטערן צו די וואלאכישע פאלק'ס ליעדער, אראבישע געזענגע און אידישע „שטייגער". אין דעם שטראם אריענטאלישע טענער האט זיך געהערט א פרויען שטימע, וואס האט געקרעכצט א ליעבעס סאלא פונקט ווי א בית עולם נאכטיגאל. דער יונגער מאן האט געשמייכעלט און געמורמעלט צו זיך אליין:

מיין טרוים האלט נאך אלץ אז. אך ווי זיס עס איז מיר. נאר,

ביז יעצט האָבען מיינע אויערען פערגעניגען, לאָמיך ווארטען און זעהן וואס פאר א פערגעניגען עס ערווארטעט מיינע אויגען.

ער האָט אָבער ניט בעדארפט לאנג ווארטען: עס האָט זיך באלד אויפגעצויגען א פּאָרהאנג פון וואנד, א טיהר האָט זיך געעפענט, און ער האָט בעמערקט א פראכטפאל מעבלירטע זאל פאל גלאנץ, און אינדיאנער טענצערקעס האָבען אויפגעפיהרט א באלעט! אָבער א באלעט ווי די מאָדע איז אין אָריענט. די טענצערקעס האָבען גע־מאכט זעלכע רייצענדע בעוועגונגען מיט זייערע עלעגאנטע קער־פּערס, זעלכע חן׳עווריגע קונצען פאל מיט אָריענטאלישע שמאָד־שטיק, אַז ער האָט גענעבען א זיפץ בעמערקענדיג:

— איך וואָלט זעהר גערן אפּלאָדירט דיזע סצענע, איך קען זיך אָבער ניט געזעגנען מיט אזא זיסען חלום.

די מוזיק איז שטיל געוואָרען, די לאָמפּען זיינען דונקעלער גע־וואָרען, און פאר זיינע אויגען האָט זיך בעוויזען יענע רייצענדע פרוי מיט וועלכע די לעזער זיינען שוין א ביסעל בעקאנט.

זי איז געווען געקליידעט ווי אין יענע אזיאטישע געגענדען, אין א ווייסע זיידענע נעגליזשע קלייד וואס האָט אויסגעזעהן ווי א היללע. אויף די אויבערשטע טהייל פון געזיכט האָט זי געטראָ־גען איהר קליינע מאסקע, איהרע ראָזע ליפּען וואס האָבען געטראָ־גען א שמייכעלע האָבען געצייגט צוויי שניר ווייסע ציינער ווי פּערל. איהר בוזים האָט געהאט א זיסע רונדקייט און מאגנעטישע געהיימניספולע פאלבען, מיט איין וואָרט: אלעס, פון איהר מאיעס־טעטישען קאָפּ ביז איהרע קליינע פיס, האָבען געטראָגען דעם זי־געל פון א יונגע לעבעדיגע בלום.

זי איז אזוי געשטאנען אייניגע מינוטען אויפ׳ן שוועל און גע־קוקט אויף דעם פרעמדען.

— אך הימעל! — האָט דער ענגלענדער אויסגעשריען מיט ענטציקונג —דאס איז דאך א געטין פון פּאראדיז! ווען אזא חלום וואָלט געקענט פערווירקליכט ווערען, וואָלט איך מיט פערגעניגען געגעבען צעהן יאָהר פון מיין לעבען, איך וואָלט געגעבען —

ער האָט אָבער קיין צייט געהאט צו ענדיגען זיינע ווערטער ווען די שעהנע פרוי איז צוגעגאנגען צום זאפא און האָט געפרעגט אין גוטע ענגליש:

— ווילט איהר מיר געפעליגסט זאגען וואס איז אייער נאָ־מען?

דער ענגלענדער האט זיך געגעבען א טרייסעל פון שרעק.

— וואס הער איך! זי רעדט! — האט ער געזאגט צו זיך אליין

— איך האב מורא צו ענטפערען זי זאל ניט פארשוואונדען.

— דו שווייגסט — האט זי ווייטער פארטגעזעצט — אבער. דו ביסט דאך מיין גאסט הייטע נאכט, און איך האב א רעכט צו וויסען ווי מיין גאסט הייסט. ענטפער מיר, וואס איז דיין נאמען?

— מיין נאמען איז הענרי אדלער.

— הענרי אדלער!! — האט זי געמורמעלט צו זיך אליין — ביזט איין ענגלענדער?

— יא מאדאם, איך קום פון ענגלאנד.

— ווארום האסטו פערלאזען ענגלאנד, און וואס האט דיר גע־בראכט אהער אין אינדיען?

— עס איז צוויי מאנאט זייט איך האב פערלאזען ענגלאנד אום צו בעזוכען מיין פאטער לעאן אדלער וועלכער איז א גרויסער קויפמאן אין בענגאל.

— לעאן אדלער! — האט ערווידערט די אונבעקאנטע דאמע —לעאן אדלער דער קויפמאן, אה איך האב עס געוואוסט איך קען איהם.

נאך א קורצע ווײלע שטיל שווייגען, האט זי ווייטער געפרעגט:

— זאג מיר, הענרי, וואס דענקסטו פון אלעם וואס האט מיט דיר פאסירט הייטע נאכט?

— איך דענק אז איך בין בעגליקט געווארען מיט א גרויס־ארטיגען חלום, און עס וועגדעט זיך אן אייך צו פערשעהנערען מיין חלום נאך מעהר און אנפילען אין גאנצען מיין בעכער גליק.

וואס ווילסטו איך זאל טאן?

— נעהם אראפ די קליינע מאסקע וואס בעהאלט פון מיין הונ־געריגען בליק א טהייל פון דיין שעהנע הימלישע געזיכט.

— פון וואנען ווייסטו אז איך בין שעהן?

— דאס וואס איך זעה איז גענוג גאראנטיע פאר מיר, אז אויך דיין בעהאלטענער פלאץ פון געזיכט איז אויפגעפלאסטערט מיט חן.

— פיליכט איז דאָס גלאָט איין איינבילדונג, און אין דער אמת פערדעקט מיין מאַסקע דאָס וואָס איז ניט שעהן?

— אך מאַדאַם! איהר זיינט אַזוי שעהן, אַזוי רייצענד אַז עס איז ביי מיר קיין צווייפעל דאָס אייער געשמאַקע פערזאָן קען פער־ריקט מאַכען די הייליגע אין פּאַראַדיז. איך בין אוים מענש זייט איך האָב אייך דערזעהן.

זי האָט געגעבען אַ שמייכעל.

— דו האָסט וואהרשיינליך דעם זעלבען קאָמפּלימענט בערייט פאַר יעדע פרוי — האָט זי געזאָגט לאַכענדיג — און איך בין גע־וויס ניט די ערשטע פרוי וועלכע דו ליובסט אַזוי שטאַרק.

— ניין מאַדאַם, גאָט איז מיין עדות אַז מיין האַרץ פיהלט וואָס מיינע ליפּען רעדען.

— האָסטו דען ניעמאַלס געליעבט? — האָט זי איהם גע־פרעגט מיט איבערראַשונג.

— ליעבע און ליעבע איז ניט גלייך — איז געווען זיין ענט־פער — איך האָב שוין געהאַט אַ נייגונג צו געוויסע שעהנע פרוי־ען, אָבער אַזאַ עלעקטרישע ליעבע ווי דיזע וואָס איך פיהל יעצט צו אייך, איז צום ערשטען מאָל און איהר מעגט עס מיר גלויבען מאַדאַם.

ביי דיזע ווערטער האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זאָפאַ, האָט אָנגענומען די צוויי קליינע ווייסע הענד פון די אונבעקאַנטע, האָט איהר צוגעצויגען צו זיך, און פיער ליפּען האָבען זיך צוזאַמענגע־שטויסען.

— ליידי! — האָט ער אויסגעשריען — איך בעט אייך, נעהמט אַראָפּ די קליינע מאַסקע. איך וויל זעהן וועמען איך פער־געטער אַזוי שטאַרק.

— דאָס קען איך ניט — האָט זי לאַכענדיג געענטפערט — איך קען דאָס ניט טאָן ווען איך זאָל אפילו וויסען, אַז דורך דעם פערליער איך דיין ליעבע.

— — אָבער, וואָרום דען ניט?

— ווייל איך וויל ניט.

דיזע לעצטע ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ טאָן פון בעפעהל ווי איינע וואָס איז איינגעוואָהנט צו קאָמאַנדירען. נאָר, אום אָבצושוואַכען אַביסעל איהר שטרענגען טאָן, האָט זי ווייטער געזאָגט:

—דאָך, אויב מיין מאַסקע דערשרעקט דיר ניט העגרי, לאָז איך דיר צו עסען אווענד־ברויט מיט מיר. ווילסטו עס אָננעהמען?

— יאָ, — האָט ער זיך געגעבען אַ חאַפּ.

די דאַמע האָט צוויי מאָל געפּאַטשט מיטביידע הענד, און פיר נעגער בעדינטע האָבען זיך באַוויזען. זיי האָבען אריינגעטראָגען גרויסע טאַצען, און סערווירט ביי אַ טיש אַ וואַרימען מאָהלצייט פאַר צוויי פּערזאָן. די בעדיענטע זיינען באַלד פערשוואונדען.

— איך וועל דיר אליין בעדיענען העגרי — האָט זי בעמערקט מיט אַ שמייכעל.

העגרי אַדלער האָט געהאַט איין אויסגעצייכענטען אַפּעטיט. גאָרניט ווי אין חלום. עס האָט קיין זאַך ניט געפעהלט ביים טיש, אפילו שאַמפּאַניע־וויין און טהייערע פּרוכט.

זיי האָבען ווידער אָנגעפאַנגען זייער געשפּרעך וועגען ליעבע, און העגרי אַדלער האָט זיך ווידער צוגערוקט נעבען די מאַסקירטע פּאַרשוין. ער האָט זיך געקניעט און איהר געקוסט די הענד מיט ברענענדע ליידענשאַפט.

— ווער האָט עס אויסגעטראַכט אַזאַ ליגען — האָט ער געמורמעלט צווישען די ציין — אַז אַ חלום איז נאַרעשקייט? אַ כפּרה די גאַנצע וועלט פאַר איין ווייל פון אַזאַ הימלישען טרוים. אַך ווי גוט עס איז צו זיין יונג! ווי גוט עס איז צו ליעבען! ווי גוט עס איז געליעבט צו ווערען! ווי גוט עס איז...ווי גוט...

אין צימער האָט געשוועבט אַ הייליגע שטילקייט.

---

עס איז געווען האַלבע נאַכט אין חורבה פון טעמפּעל. דער שטורם־ווינד מיט'ן גוס רעגען זיינען שוין לאַנג פאַראיבער, סטאָפּ האָט נאָך אַלץ געדרימעלט, און קאַזיל האָט נאָך געהאַלטען וואַך. די וואָלקענס האָבען געמאַכט פּלאַץ פאַר אַ בלויען הימעל ריין ווי ליכט און אויסגעפּלאַסטערט מיט מיליאָנען זילבערנע בלומען — די שטערען.

קאַזיל האָט זיך אויפגעהויבען און האָט אַרומשפּאַצירט זעהר אונרוהיג.

— ווער ווייס וואָס זיי טוען דאָרט מיט מיין מייסטער? — האָט ער געזיפצט. וואָרום איז ער נאָך ניט היער.

קאזיל איז אזוי ארומגעגאנגען פערצווייפעלט א האלבע שטונ־דע, ווען דער שטיינערנער דעק פון הייל האט זיך געפענט און סאַ־גאַר, דער גרויסער אינדיאנער, איז ווידער ערשינען טראגענדיג אויף זיינע אָרימס דעם ענגלענדער וועלכער איז געווען געזונקען אין טיפסטען שלאף.

קאזיל איז געווארען פול מיט פרייד, ווען ער האט געזעהן ווי סאַגאַר לייגט איהם אַוועק שלאָפענדיג אויף די קישענס. סאַגאַר האט אַנגעקוקט דעם שלאָפענדען דיענער סטאַפּ און געפרעגט קאזיל'ן:

— האט ער זיך געריהרט זייט געסטערן?

קאזיל האט געגעבען א שאָקעל מיט'ן קאָפּ „ניין".

דער גרויסער אינדיאנער האט אַרויסגענומען פון גארטעל א פלעשעלע פונקט ווי דיעזע וואָס די מאַסקירטע דאַמע האט גע־ברויכט אין איהר פּאַלאַסט. ער האט דערפון געגעבען שמעקען הענרי אַדלער און סטאַפּ.

— אין א מינוט ארום וועלען זייביידע ערוואַכען — האט סאַגאַר געזאַגט צו קאזיל'ן — און ווען זיי וועלען דיר פרעגען וואָס עס האט מיט זיי פּאַסירט די גאַנצע צייט, זאָלסטו זאָגען אז דו ווייסט פון קיין זאך ניט, דו הערסט!

— איך וועל טאָן ווי איהר פערלאַנגט.

סאַגאַר איז צוריק פערשוואונדען פון וואַנען ער איז געקומען, און די צוויי שלאָפעדיגע ענגלענדער האָבען זיך אַנגעפאַנגען ריה־רען און בעוועגען. מיט פינף מינוטען שפּעטער האָבען זיי געעפענט די אויגען און זיך געזעצט.

הענרי אַדלער האט אַנגעפאַנגען קוקען אויף די ווענד, פונקט ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט.

— שאַדע, שאַדע! — האט ער געזאָגט מיט א זיפץ — מיין פּראַכטפאַלער ראָמאַן איז געווען ניט מעהר ווי א ווּיסטער חלום.

דריטער קאפיטעל

# דער פארבלענדעטער רייטער

— מיר האבען לאנג געשלאפען — האט הענרי געזאגט צו קאזיל׳ן — און עס מוז שוין זיין א שטיק אויף טאג.

— אה ניין, מייסטער, עס איז נאך א שטיק אין דער נאכט. נאך דער טאג איז שוין לאנג פאראיבער. מיר זיינען שוין היער זייט 24 שטונדען.

— און האב גאר ניט געגעסען די גאנצע צייט? האט געפרעגט דער ענגלענדער פערוואונדערט.

— זינט איהר האט היער איינגעשלאפען, מייסטער, האט איהר אייערע אויגען ניט געעפענט — האט קאזיל איהם פער־זיכערט.

— איך האב אלזא געגעסען אין חלום — האט ער באמערקט לאכענדיג — און ער האט דערציילט זיין טרוים.

— די אייראפעער וועלכע קומען אריבער אהער — האט קאזיל ערווידערט — האבען זעהר אפט זעלכע ווילדע חלומות, לויט ווי זיי דערציילען.

— הענרי אדלער האט געגעבען א בעפעהל מען זאל זיך נעה־מען צום וועג, און אין א מינוט ארום איז ער געשטאנען נעבען די אינדיאנער אין דרויסען וועלכע האבען געווארט מיט די גרעסטע אונגעדולד.

קאזיל האט זיי געהייסען זיך מאכען צו רייזע פערטיג.

א גוטע שטונדע איז פאריבער ווען הענרי האט קיין ווארט געזאגט. ער האט זיך צופריעדען געשטעלט בלויז צו בעטראכטען די סצענעריים וואס זיי האבען דורכגעוואנדערט, און ער איז געווען פערטיפט אין זיינע געדאנקען. פלוצלונג האט ער צוגערופען דעם קליינעם אינדיאנער און איהם געפרעגט:

— דו האסט מיר געסטערן געזאגט אז מיין פאטער האט דיר גערעטעט דאס לעבען און ווען ניט ער, וואלטען שוין דיינע ביינער אויך ניט געווען אויף דער וועלט. זאג מיר ווי אזוי דאס איז געשעהן?

— דאָס האָט געטראָפּען מיט צוויי יאָהר צוריק — האָט קאַזיל געענטפערט — איך האָב זיך געבאָדען אין טייך גאַנגעס גע־גען אווענד, ווען פּלוצלונג אַ קראָקאָדיל האָט זיך באוויזען און האָט מיר אָנגעגריפען. איך האָב געשריען מיט אַלע כוחות און דער טויט איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגען, אין רעכטען מיטען פון מיין פערצווייפלונג האָב איך געהערט אַ שטימע: „האָב קיין מורא, מיין קינד, דו ביסט ניט אַליין”. ביי דיעזע ווערטער האָב איך געהערט אַ שאָס. און נאָך אַ שאָס. דער קראָקאָדיל האָט מיר אָפּגעלאָזען און ער איז פערשוואונדען אין וואַסער. דיזער רעטטער איז קיין אַנדערער געוועזען ווי אייערער איידעלער פאָטער סער לעאָן אַדלער. ער האָט מיר באַלד אַרויסגענומען, האָט אַבגעווישט די בלוט פון מיין אָרעם און האָט מיר הינגעפיהרט צו אַ דאָקטאָר. יעצט פערשטעהט איהר שוין וואָרום איך ליעב אַזוי שטאַרק אייער פאָטער און זיינע נעהנ־סטע קרובים?

— לעבען נאָך דיינע עלטערען, קאַזיל? — האָט דער ענג־לענדער געפרעגט.

— ניין, מיסטער, איך בין אַ יתום.

— אויב דו ווילסט, קאַזיל, קענסטו אימער זיין ביי מיר און מיט מיר.

— דאָס קען איך ניט מייסטער — האָט דער אינדיאַנער ערווידערט מיט אַ טרויעריגע מינע — איך מוז צוערשט פריי ווערען.

— ביסטו דען ניט פריי יעצט?

— ניין.

— האָסטו אויף דיר איין אַנדער מייסטער, אויסער מיר?

— יאָ, מיין הערר.

— און ווער איז ער?

— דיזע פראַגע קען איך ניט בעאַנטוואָרטען, ווייל איך האָב געשוואָרען אַז איך וועל האַלטען דיזע געהיימנים.

— אויב אַזוי, קאַזיל, וויל איך דיר חלילה ניט צווינגען און בלייב ביי דיין געהיימנים.

— מיט אַ שטונדע שפּעטער האָט דער קליינער הינדו געזאָגט צום ענגלענדער.

— מיר זיינען שוין אָנגעקומען, דאָרט איז בענגאַל.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט ווען די אינדיאַנער האָבען זיך אָבגעשטעלט געבען אַ שעהנעם קאַטעדזש אויסערן שטאָדט און מיט 15 מינוטען שפּעטער האָט הענרי אַדלער זיך געקוסט מיט זיין פאָטער, לעאָן אַדלער.

— אָבער, וואָרום האָט דיין רייזע אַזוי לאַנג געדויערט? — האָט דער פאָטער געפרעגט — ווי קומט עס וואָס דו האָסט פערצווינגען אַ רייזע פון זעקס שטונדען אין 62 שטונדען?

— עס האָט זיך אונז געטראָפען אַ קליינע סיבה — האָט דער זוהן געענטפערט — איך און סטאַפּ האָבען געהאַפּט אַ דרעמיל וואָס האָט אָנגעהאַלטען 42 שטונדען. דאָס האָט מיט אונז געטראָפען אין דעם וויסטען טעמפּעל פון סיוואַ וואו מיר האָבען זיך בעהאַלטען פון שטורם.

— אין וויסטען טעמפּעל פון סיוואַ — האָט לעאָן אַדלער אויסגעשריען פערציטערט.

— יאַ, פאָטער.

— און דו מיט סטאַפּ האָבען דאָרט געשלאָפען 42 שטונדען! וואָס האָט געטאָן קאַזיל?

ער האָט וואַהרשיינליך דאָס זעלבע געטאָן. אַבוואָהל ער וויל עס ניט צוגעבען. וואָס מיר אָנבעטרעפט, פאָטער, האָב איך אַ זיסען בעווייז פון מיין לאַנגען שלאָף, דען איך האָב דאָרט געהאַט אַזאַ רייצענדען טרוים אז איך וואָלט מיר גליקליך געשעצט ווידער צו טרוימען פון זעלבע גאָלדענע פאַנטאַזיעס.

— האָט אפשר אַ פרוי אויך טהייל גענומען אין דיין חלום?
— האָט דער פאָטער געפרעגט.

— יאַ פאָטער, אַ פרוי שעהן ווי אַ געטטין.

— דערצייל מיר אַלזאָ הענרי דיין טרוים אין גאַנצען.

— וואָרום דען, פאָטער?

— דו וועסט עס שפּעטער וויסען, הענרי, יעצט רייד דו און דערצייל מיר אַלעס.

דער זוהן האָט אָנגעפאַנגען דערציילען דאָס וואָס דער לעזער וויסט שוין.

— די פרוי איז געווען מאַסקירט ? — האָט דער פּאַטער איהם אונטערגעבראָכען.

— יאָ.

— און די האָסט פון איהר פערלאַנגט זי זאָל אַראָפּנעמען די מאַסקע, און זי האָט עס ניט געטאָן?

— יאָ, פּאַטער.

— און פאַר דיין אבשיעד פון איהר האָט זי דיר געגעבען עטוואָס שמעקען פון אַ פלעשעלע?

— אך גאָט! — דו ווייסט דאָך אַלעס, פּאַטער.

— דאָס איז קיין טרוים געווען, מיין קינד, דיעזע פרוי עקזיסטירט ווירקליך, און דו האָסט איהר געזען אויפ'ן וואָהר.

— איז דאָס מעגליך, פּאַטער?

— עס איז מעהר מעגליך, עס איז וואָהר.

— ווי באַלד אַז דאָס איז קיין טרוים געווען, איז דאָס מעגליך אַז איך זאָל איהר ווידער קענען זעהן.

— אַזוי פערליעבט ביסטו אין איהר?

— עפּעס אַ וואונדער? גאָה פערליעב זיך ניט!

— אָבער, ווי קענסטו זיך אַזוי פערליבען אין אַ פרוי איידער דו האָסט געזעהן אין גאַנצען איהר געזיכט?

— איך בין זיכער אַז דאָס וואָס איך האָב ביי איהר ניט געזעהן איז געווים אַזוי שעהן ווי דאָס וואָס איך האָב יאָ געזעהן, אויב ניט שעהנער.

— רעד דאָס ניט, הענרי, מיט אַזאַ פייער פון דיזע פרוי וואָס שלינגט זעעלען. פערגעס אַן דיעזע מענשען פרעסערקע.

— הענרי האָט זיך אַ ווייַלע פערטיעפט, און קיין וואָרט געזאָגט.

— איין זאַך פרעהט מיך — האָט דער פּאַטער פאָרטגעזעצט — וואָס דו וועסט מעהר ניט זעהן דיזען יצר הרע אין פאַרטוך.

— ווי באַלד אַז זי עקזיסטירט ווירקליך — האָט הענרי געטראַכט ביי זיך — טאָ ווער קען פערזיכערען אַז איך וועל איהר ניט אַ מאָל ווידער בעגעגענען?

— ווי איך זעה, פאטער, — האט העגרי געשטאמעלט נאך א קורצע פויזע — האסטו א האס געגען דיזע פרוי.

— אה ניין מיין זוהן, קיין האס, נאר דו דארפסט ניט אוועק־געבען דיין הארץ צו דיזע מאסקירטע נקיבה. דיין הארץ וועט געהערען צו איין ערדלערע קינד, און דאס איז קיין אנדערע ווי מיננע בלום.

— מיננע בלום! ווען וועל איך זיך זעהן מיט איהר, פאטער?

— גאנץ קירצליך, אפשר אין איינינע טעג, און שפעטעס־טענס אין איינינע וואכען. איהר שוועסטער גריים איז שוין די כלה פון דיין ברודער עדווארד.

— גוט פאטער, ווען איך וועל איהר זעהן וועל איך וויסען אויב זי איז מיינע. מיין הארץ איז נאך פארלויפיג צו פערדינגען.

אויף מארגען געגען אווענד האט הענרי געמאכט א קליינעם שפאציר אין גארטען פון זיין פאטער׳ס רעזידענץ און ער איז גע־ווען שטארק פערטיפט אין זיינע געדאנקען. ווי ער האט זיך אזוי אומגעקעהרט, האט ער בעמערקט, צווישען די געדיכטע בוימער פא־זע שטעג, ווי א מאן געהט איהם נאך, א מאן זעהר הויך געוואקסען, און מיט א שווארצע מאסקע אויף זיינע אויגען.

הענרי אדלער האט זיך שטארק דערשראקען.

— ציה זיך צוריק — האט הענרי אויסגעשריען — איך האב ביי זיך א רעוואלווער.

— האט קיין מורא, איך מיין אייך קיין בייזעס צו טאן — האט דער פרעמדער געזאגט מאכענדיג מיט׳ן האנד — איך שטעה פון אייך ווייט אבגערוקט, און איך וועל אייך בלויז פרעגען עטוואס וואס וועט אייך בעווייזען אז איך בין ניט אייער פיינד, נאר איך האב צו אייך א שליחות פון ליעבע און פריעדען. איהר זיינט אין בענגאל בלויז זייט דריי טעג, אייער נאמען איז הענרי אדלער, און איהר האט פארגעסטערען פערבראכט אין וויסטען טעמפעל פון סיוואַ?

— יא.

— געדענקט איהר אייער טרוים?

— ווי קען מען אזא טרוים פערגעסען?

— ווינשט איהר צו האָבען דעם זעלבען טרוים נאָך אמאָל?

— מיט דעם גרעסטען פערגעניגען.

— קומט אַלזאָ מיט מיר, נאָר איידער איהר זאָגט יאָ, גיט מיר אייער עהרען וואָרט אַז איהר וועט ערפילען אַלע קאָנדיציאָנען וואָס איך וועל פערלאַנגען.

— אויב נאָר מעגליך.

— ווילט איהר איך לאָזען פערבינדען אייערע אויגען באַלד ארויסגעהענדיג פון גאָרטען? איהר זעהט דאָך אַז איהר דאַרפט קיין מורא האָבען. האָט מען אייך דאָן געטאָן בייזעס אין פּאַלאַסט פון הייל?

— גוט, איך נעהם אָן אייערע קאָנדיציאָנען.

— וואָרט. וועט איהר אויך רעספּעקטירען די מאַסקע פון די דאַמע וועלכע וועט אייך עמפּפאַנגען?

— וואָס! ווידער די מאַסקע? — האָט ער אויסגעשריען.

— יאָ, אימער די מאַסקע. נאָך אַ זאַך וויל איך פון אייך, אַז ניט אייער פאָטער, ניט אייער ברודער און ניט אייער דיענער זאָלען דערפון וויסען.

— איך שווער ביי מיין עהרע.

ביי דיעזע ווערטער האָבען זיי ביידע פערלאָזען דעם גאָרטען. ווען עס איז געקומען אויסען שטאָדט הינטער אַ באַרג, האָט ער געפונען שטעהן אַ מאַן מיט צוויי געזאָטעלטע פערד. דער אינדיאַנער האָט פערבונדען הענרין די אויגען מיט אַ זיידענע טוך און האָט איהם צוגעפיהרט צום פערד.

— קריכט אַרויף — האָט ער געזאָגט.

— אָבער ווי קען איך רייטען מיט פערבונדענע אויגען?

— איך וועל רייטען פאָראויס גאַלאָפּ און אייער פערד וועט מיר שוין נאָכהאַלטען, איהר דאַרפט אייך ניט שרעקען. פערגעסט ניט אַז פון דאַנען ביז'ן פּלאַץ וואו מיר רייטען איז בלויז 2 שטונדען וועיט, און מיר וועלען וואהרשיינליך קיינעם ניט בעגעגענען יעצט אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. און ווען יאָ, ווער ווייסט?

—גאַלאָפּענדיג אויף די פערד זיינען די 2 קאַוואַלערן געריטען דורך שטילע נאַכט און פון צייט צו צייט האָט די הירשזעריי פון די פערד איבערגעשלאָגען די טיפע שטילקייט וואָס האָט געהערשט צווישען די אַזיאַטישע בערג. ווען די פערד האָבען זיך ענדליך

אַבגעשטעלט האָט הענרי ניט געמערקט ווי לאַנג די רייזע האָט זיי געדויערט.

גיט מיר אייער האַנד און איך וועל אייך פיהרען.

הענרי אַדלער האָט געפאָלגט דעם אינדיאַנער, און ווען ער איז אַראָבגעקראָכען האָט ער געפיהלט אונטער זיינע פיס א ווייכען זאמד ווי סאמעט, און די לופט איז געווען אנגעפילט מיט א זיסע פּאַרפומע פון רייצענדע בלומען.

זיין וועג ווייזער האָט איהם אַרויפגעפיהרט איינינע טרעפּ. און זיי זיינען דורך אייניגע צימערען, דער אינדיאַנער האָט נאָכ־דעם אַבגעלאָזען הענרי'ס האַנד און האָט צו איהם געזאָגט:

ווען איהר וועט האָבען אָפּגעציילט ביז צוואַנציג, זאָלט איהר אַראָפּנעהמען די פערבלענדענעס פון אייערע אויגען.

פערטער קאַפּיטעל

# דער שליסעל פון געהיימנים

ווען הענרי אַדלער האָט אַבגעציילט אין זיך ביז צוואַנציג, האָט ער אַראָבגענומען די זיידענע טוך פון זיינע אויגען און ער האָט גע־קוקט אַרום זיך רעכטס און לינקס.

ער האָט זיך געפינען אין אַ צימער שעהן פערפּוצט, דער זעל־בער צימער וואָס מיר האָבען שוין בעשריבען ביי הענרי'ס ערשטען בעזוך. דער יונגער ענגלענדער האָט זיך געזעצט אונגעבעטען אויף די גרויסע זאָפאַ. זיין קאָפּ איז געווען הייס ווי פייער און זיין האַרץ האָט געקלאַפּט.

די פרוי מיט דער מאַסקע איז ווידער ערשינען פון אַ זייט טהיר.

זי האָט געטראָגען אַ מאַנטעל הילע פון פּינק מוסלין, געוועבט מיט זילבערנע בלומען וואָס האָבען אָבגעצייכענט מיט אַרטיסטי־שען געשמאַק איהר געשניצטע טאַליע. איהרע האָר צולאָזען ווילד האָבען געשוועבט אויף איהר ווי אַ שלייער און האָבען דערגרייכט ביז איהרע קניע, און איהרע אויגען האָבען געגלאַנץ דורך איהר ווייסע אַטלעסענע מאַסקע.

— דאָס איז ניט קיין טרוים — האָט ער געמורמעלט — איהר עקזיסטיט ווירקליך, מאַדאַם! איהר ווילט מיר ווידער זעהן?

— יא הענרי, איך האָב אייך ווידער געוואָלט זעהן, ווייל **איך ליעב אייך.**

פינף שטונדען אונגעפעהר האָט דער ענגלענדער פערבראַכט מיט די מאַסקירטע פרוי, ווען ער האָט זיך פלוצלונג געפונען אליין, און סאַגאַר האָט זיך ווידער בעוויזען. ער האָט איהם נאָך אַ מאָל פערבונדען די אויגען, און אין אייניגע מינוט ארום האָט ער ווידער גאַלאָפּירט אויפ'ן פערד, סאַגאַר פאראויס נאָך דער רעזידענץ פון זיין פאָטער.

עס האָט שוין אָנגעפאַנגען צו טאָגען ווען הענרי אַדלער האָט אראָבגענומען זיין פערבלענדענעס פון די אויגען, און האָט זיך גע־פונען אַ הונדערט פוס ווייט פון זיין פאָטערס גאָרטען.

לעאָן אַדלער דער פאָטער פון אונזער יונגען העלד, האָט אויס־געוואַנדערט פון לאָנדאָן נאָך אינדיען מיט זעכצעהן יאָהר פריהער איידער אונזער געשיכטע פאַנגט זיך אָן. ער איז געווען גוט רעקאָ־מאַנדירט צו די איסט אינדיען קאָמפּאַני פון בענגאַל וואו ער האָט זיך באַזעצט אַלס גרויסער אימפּאָרטירער און עקספּאָרטירער פון וואארע. לעאָן אַדלער איז אַזוי שנעל בעליעבט געוואָרען ביי די איינוואהנער אַז ער איז אייניגע מאָל ערוועהלט געוואָרען „אַל קאַיד"פון בענגאַל, דאָס הייסט: דער „סיטי מעיאָר" וועלכער האָט אימער אַ גרויסע מאַכט אין די ענגלישע קאָלאָניעס פון אינדיען. איידער לעאָן אַדלער האָט פערלאָזען ענגלאַנד, האָט ער אריינגע־געבען זיינע 2 זיהן אין האָך שולע, און ער איז געקומען נאָך בענ־גאַל גאַנץ אליין.

מיט צעהן יאָהר שפּעטער האט ער אָפּגענומען זיין אינגערן זוהן עדוואַרד, וועלכער איז דאַן אַלט געווען 19 יאָהר, און ערשט מיט זעקס יאָהר שפּעטער האָט ער געשריבען צו זיין עלטערן זוהן הענרי אַדלער ער זאָל קומען צום פאָטער. דער לעצטער בריעף וואָס הענרי האָט ערהאַלטען פון זיין פאָטער האָט געלויטעט אַזוי:

— טהייערער זוהן, די צייט איז ענדליך געקומען צו ערפילען דיין וואונש וואָס דו האָסט אַזוי פיעל אויסגעדריקט אין דיינע בריעף צו מיר. קום צו דיין פאָטער וואָס גיכער. הער מיין זוהן! יאָהרען לאַנג האָב איך געגעבען מיין בעסטע צייט און קראַפט צו

א געהיימניספאלע רעטעניס. איך האב זיך אונטערגענומען אז אר־בייט וואס איך אליין קען נור דורכזעצען. איך דענק אז מיין זיעג איז שוין באלד אזוי גוט ווי דורכגעפיהרט. אבער איך בין נאך אלע ארומגערינגעלט מיט געפאהר. עס קען זעהר מעגליך זיין יעדע ווײלע אז אימיצער זאל מיין לעבען בערויבען, און מיין גאנצע ארבייט זאל פארפאלען געהן. אבער דאס דארף ניט געשעהן און טאר ניט געשעהן. דיין ברודער עדווארד איז נאך צו יונג איך זאל עס איהם קאנען אנפערטרויען. אבער דו, מיין הענרי, ביסט שוין א מאן מיט שכל אין פאל ווען מיר וועט טרעפען חלילה איין אונגליק, וועסטו בלייבען מיין צווייטער „איך" צו ענדיגען א ריזען ארבייט וואס וועט מאכען עהרע אונזער פאמיליע אדלער. מיר וועלען פי־לייכט האבען די מעגליכקייט צו טאן פאר אונזער פאטערלאנד פיעל מעהר ווי א רעגירונג קען ערווארטען זאגאר פון וויצע־קעניג. אלזא, מיין זוהן, אזוי ווי איך האב דיר אויסגעזאגט א האלבע געהיימניס וואס דו קענסט לעזען צווישען די צייל‍ען, בלייבט מיר נאר איבער צו ווידערהאלען אז איך ערווארט דיר מיט די גרעסטע אונגעדולד, און דו זאלסט וואס גיכער קומען צו דיין דיך עוויג ליבענדען פא־טער".

**לעאן אדלער.**

אין בריעף איז אויך געוועזן א ביילאגע וואס האט ערקלערט דעם זוהן ווי ער זאל פאהרען, מיט וועלכע שיף, און ווי ער זאל אנ־קומען אין בענגאל. אויך האט איהם דער פאטער מיטגעטהיילט אז באלד ווי ער וועט אנקומען אין קאלקוטא, וועט אויף איהם ווארטען א קליינער אינדיאנער, אלס בעגלייטער, מיט'ן נאמען קאזיל.

אויף מארגען נאך די געהיימניספולע באגעגעניש צווישען הענרי און די מאסקירטע פרוי, האט דער זוהן געזאגט צום פאטער:

— איך דענק, פאטער, אז עס איז צייט מיר זאלען ריידען פון דיין בריעף צו מיר, און מיר געבען דעם שליסעל פון דיין פערשלא־סענע געהיימניס.

— יא, מיין זוהן — האט דער פאטער אונטערבראכען — זייט איך האב דיר מיין לעצטען בריעף געשריבען, האב איך גע־מאכט גרויסע שריט פארווערטס, איך האלט שוין באלדביים

ארויסגעפינען די געהיימנים וואס איך זוך אזוי לאנג און וואס האט זיך אלץ אימער פון מיר ארויסגעדרעהט.

דער זוהן האט א ווײלע געשוויגען, און בעמערקט:

— אבער פאטער, דו רעדסט מיט מיר האלבע ווערטער. קענסטו ניט ריידען אביסעל דייטליכער?

— ניין מיין קינד, עס איז נאך ניט געקומען די צייט איך זאל דיר אלעס דערציילען. מיט דער צייט וועסטו אלעס וויסען.

הענרי אדלער איז געבליבען זיצען א ווײלע פארטראכט און האט קיין ווארט געזאגט. ער האט זיך ענדליך געווענדעט צו זיין פאטער און איהם געפרעגט:

אבער, קען איך עס נאך וויסען מארגען אדער אין צוויי דריי טעג ארום.

— מארגען נאך ניט — האט דער פאטער געענטפערט מיט א פערטראכטע מינע — אבער, אין א מאנאט צייט וועסטו האבען דעם שליסעל פון די גאנצע געהיימנים וואס ליגט ווי א מיהל שטיין אויף מיין זעעלע.

— דיעזער מאנאט וועט זיין ביי מיר א יאהר. נאר דער מאנאט וועט אריבערגעהן, און דאן האף איך, פאטער, אז דו וועסט געפינען אין מיר א טרייען קעמפפער פאר דיין עהרע.

— איך צווייפעל ניט, הענרי.

פינפטער קאפיטעל

## דער לעצטער סיגנאל

צווישען הענרי אדלער און דעם גרויסען אינדיאנער, סאגאר, איז אבגעשלאסען געווארען אז יעדע נאכט אום 10 אוהר זאל הענרי ווארטען אין גארטען. און ווען ער וועט הערען דריי מאל א קוויטש ווי פון א קראו צווישען די צווייגען, איז דאס א סימן אז סאגאר ווארט אויף איהם, און הענרי זאל באלד איהם געהען ענטקעגען, ווייל די מאסקירטע פרוי וויל איהם זעהן אין איהר פערבארגענעם פאלאסט.

אין א צייט פון 15 טעג, האט סאגאר געגעבען הענרי'ן דעם

נאכט סיגנאל אכט מאָל, און דער יונגער ענגלענדער איז געגאַנגען יעדער מאָל ווען מען האָט איהם גערופען.

דאָך קען מען ניט זאָגען אז הענרי אַדלער איז געווען אמת פערליבט אין די אונבעקאַנטע פרוי, דען נאָך אַלעמען איז זעהר וואהר אז מען קען ניט ריכטיג ליעבען א פרוי, ווען מען האָט ניט געזעהן איהר געזיכט אין גאַנצען. אָבער דאָך האָט דיעזע מאַסקירטע פרוי געהאַט אויפ'ן יונגען ענגלענדער אַזא כשוף, אַזא מאַגנעטישע צוציהונגס קראַפט אז ער האָט שטענדיג געדענקט פון איהר. נאָר, דאָס איז ניט געווען ריינע ליעבע, זאָנדערן א נאַטירליכע נייגונג פון אַבי וועלכען יונגען מאַן צו א יונגע, רייצענדע, געזונטע און קאָקעטישע חצופה. יעדעס מאָל ווען ער פלעגט זיך דערמאַנען אָן ריח פון איהרע פאַרפורמירטע האָאָר, פלעגט ער געבען א זיפץ. יעדעס מאָל ווען עס איז איהם אריין אין געדאַנק אז עס וועט חלילה קומען א טאָג ווען ער וועט מעהר ניט הערען דעם סיגנאַל פון סאָ־גאָר, א בעוויז אז זי וויל פון איהם מעהר ניט וויסען — יעדעס מאָל ווען דיזער געדאַנק פלעגט ניט ווילענדיג קומען צו איהם, פלעגט אויף איהם אַרויף א ציטערנעס. אָבער, אין רעכטען מיטען שטראָם פון דיזע עולם הזה, פלעגט הענרי זיך אויך דערמאַנען זיין פאָטער'ס ווערטער וועגען מיני בלום, דען הענרי האָט געהאַט פון דער נאַטור א גוטען כאַראַקטער, און ער פלעגט דארום זעהר אָפט מורמלען צו זיך אַליין:

— איך טהו א גרויסען אונרעכט וואָס איך קריך נאָך יענע אונבעקאַנטע פרוי וועלכע איז אַרומגערינגעלט מיט אַזויפיעל גע־היימניסע. מיין פאָטער וועט דאָך מיר באַלד פאַרשטעלען אַלס כלה א ריין ליעבליך קינד, און אנשטאַט וואָס איך דאַרף זיך פאַרברייטען צו געבען מיני'ן א ריינע און פרייע האַרץ, לאָז איך זיך גאָר פער־שקלאַפען יעדען טאָג מעהר און מעהר פון איין אונבעקאַנטע פרוי וועלכע דער שלימזל האָט אַריינגעשליידערט אונערוואַרטעט אין מיינע אַרימס. עס איז ווירקליך ניט שעהן פון מיר אז איך זאָל אָפּ־נאַרען פאַרויס די יעניגע וועלכע וועט אַמאָל טראָגען מיין נאָמען.

אַזוי האָט ער געמורמעלט צו זיך אַליין, און ער פלעגט עס אויך מיינען מיט'ן גאַנצען האַרצען. אָבער, דאָך ווען די אוהר פלעגט שלאָגען צעהן ביי נאַכט און ער פלעגט אַמאָל ניט הערען דעם סיג־

נאָל פון סאַגאַר, פלעגט ער אַריינגעהן ביי זיך אין צימער זעהר צובראָכען, פערצווייפעלט און ערשראָקען!

פונפצעהן טעג זיינען פאַריבער, ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, ווען הענרי אַדלער האָט געפונען זיין פאָטער און ברודער ביים פריהשטיק טיש מיט פרעהליכע מינעס. עס האָט איהם לאַנג ניט גענומען אויסצוגעפינען וואָס דיעזע לוסטיגקייט בעטייט. פריילין מיני בלום און איהר שוועסטער גרייס האָבען טעלעגראַפירט אַז זיי וועלען נאָך היינט זיין אַדלער'ס געסט.

הענרי איז געבליבען זיצען פערטראַכט.

— דו האָסט איהר נאָך ניט געזעהן, מיין זוהן — האָט דער פאָטער בעמערקט — און דאַרום ביסטו נאָך קאַלט. אָבער וואַרט, ווען דו וועסט איהר קענען, וועסטו אַנדערש דענקען.

עס איז געווען אָווענדס ווען די צוויי געסט זיינען אָנגעקומען, און דער פאָטער האָט באַלד פאָרגעשטעלט מיני און גרייס צו הענרי אַדלער, וועלכער האָט זיי ביידען בעגריסט מיט איין אַריסטאָקראַטישען נייג.

ווען הענרי האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען, האָט ער צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געפיהלט אַזאַ זיסע בעצויבערונג. די צוויי פריילינס זיינען אפשר ניט געווען זעלכע געוואַלטיגע פאַרשוינען ווי מען געפינט בעשריבען אין די ראָמאַנען, אָבער זיי האָבען געהאַט אַרום זיך עפּעס אַזאַ מין וואונדערבאַרען חן און אַזאַ נאַטירליכע ליבליכקייט אַז הענרי האָט זיך געוואָלט קניען און זיי פערגעטערען.

מיני, די עלטערע, איז אַלט געווען 18 יאָהר, שעהן אָבגעוואַקסען, גוט געקנעטען, ברוינע זיידענע האָאַר, דונקעל בלאָע אויגען און בייבי קאָליר אין איהרע באַקען, האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסע בייבי מיט איהרע גאָלד־בלאָנדע האָאַר, קויל שוואַרצע אויגען און פעטע אָרימס.

הענרי איז געבליבען שטעהן ווי אַ סטאַטוע פון בעוואונדערונג קוקענדיג אויף מיני'ן, און האָט זיינע בליקען ניט געקענט אַראָפּנעהמען פון איהר, אין דער צייט ווען זי האָט ניט ווילענדיג געמוזט שמייכלען.

אָבער, דיעזער שמייכלע האָט געהאַט אַזאַ מאַכט אויף הענרי

אז ער האָט באַלד אַרויסגעזאָגט פון זיין איינבילדונג, אויב ניט פון זיין האַרץ, די מאַסקירטע פרוי. ער האָט פערגעסען אַז דיזע פרוי מיט וועלכע ער האָט זיך אַזוי פיעל מאָל אונטערהאַלטען, און ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין:

— אָט איז מיין צוקונפטיגע, מיין גליק, און נאָר נעבען איהרע פים וועל איך פערברייננגען מיין לעבען, ווען איך זאָל קע־נען, וואָלט איך אַריינגעלייגט מיין זעעלע אין איהרע קינדישע איידעלע הענד.

נאָך מיטאָג, אויף מאָרגען, האָט דער פאָטער געהאַט איין אינ־טערעסאַנטען געשפּרעך מיט זיין עלטסטען זוהן וועגען מיני בלום, און דער אַלטער אַדלער איז ווירקליך ענטציקט געווען צו הערען די בעגייסטערונג פון זיין זוהן און וועגען זיין צוקונפטיגע פרוי.

— יאַ, מיין זוהן, — האָט דער פאָטער געזאָגט מיט אַ זיפץ — דער גרעסטער וואונש פון מיין לעבען איז אימער געווען אַז מיני זאָל ווערען דיין פרוי, און גרייס די פרוי פון דיין ברודער עדוואַרד. יעצט פעהלט מיר נאָך צו ענדיגען מיין אַרבייט, און דאַן וועל איך קענען צומאַכען מיינע אויגען אין פריעדען.

עס איז געווען אָוועגדס. די אוהר האָט געשלאָגען 9 ווען לעאָן אַדלער מיט די יונגע לייט, זוהן און געסט, האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש צו מאַכען אַ שפּאַציר אין גאַרטען. הענרי און מיני, עדוואַרד און גרייס האָבען לאַנגזאַם געשטעלט טריט צווישען די בוימער, און האָבען פון צייט צו צייט איבערגעשלאָגען די שטיל־קייט פון גאַרטען מיט געוויסע פראַגעס און אַנטוואָרטען וואָס זיי האָבען דאכט זיך אָפט קיין ברעקעל זין, אָבער וואָס האָבען דאָך אַ הייליגע בעדייטונג פאַר פערליבטע. די אונטערהאַלטונג אין גאַרטען האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטען ביז די גרויסע אוהר אין קאַטעדראַל האָט געשלאָגען צעהן.

עס האָט זיך באַלד געהערט אַ קוויטשעריי דריי מאָל, ווי די שטימע פון אַ קראָע וואָס האָט געמאַכט אַ מערקווירדיגען איינ־דרוק אויף די יונגע לייט.

הענרי האָט זיך געגעבען אַ טרייסעל ווי איינער וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. דער סיגנאַל האָט איהם דערמאָנט אַ וועלט מיט עולם הזה.

— אבער ניין, האט ער געמורמעלט צו זיך אליין. איך וועל דארט מעהר ניט געהן. פון יעצט אן איז דער סיגנאל פאר מיר טויט!

עס האט זיך ווידער געהערט א קוויטשעריי דריי מאל, און מיני האט געפיהלט ווי עס ציטערט דער ארים פון הענרי אויף וועלכען זי איז געווען אנגעשפארט.

— וואס איז אייך? האט זי געפרעגט אונרוהיג.

— גארניט, האט ער געענטפערט.

— ווארום טרעסלט אייך אזוי אייער קערפער? האט זי ווידער געפרעגט.

איך בין וואהרשיינליך נערוועז, פריילין, און איהר דארפט אייך וועגען דעם ניט קימערען.

— איך האב געדאכט אז דאס קוויטשען דריי מאל צווישען די ביימער האט אייך ערשראקען.

— האט איהר עס אויך געהערט?

— יא, און איך האב אויך געפיהלט א שמערצליכען איינדרוק, דאס מוז זיין א קראע.

דאס ווייסט איהר גאנץ גוט פריילין, אז איך בין ניט אבערגלויביש צו בעטראכטען די קוויטשעריי פון א קראע אלס א ווארנונג אויף א שלעכטע בשורה.

— ווארום האט איהר אלזא געציטערט א וויילע פריער?

— ווייל די קוויטשעריי פון אבי וואס מאכט מיר אימער עטוואס נערוועז.

געוועהנליך, יעדע נאכט ווען סאגאר פלעגט געבען דריי מאל דעם סיגנאל, פלעגט ער באלד הערען די גיכע טריט פון הענרי. אבער יעצט איז אלעס געווען שטיל און דער סיגנאל האט ניט געווירקט.

דער גרויסער אינדיאנער האט געווארט צווישען די ביימער מיט די גרעסטע אונגעדולד, אבער מיט צעהן מינוטען שפעטער האט ער אין גאנצען פערלארען זיין געדולד, און ער האט גערעכענט אז דער יונגער ענגלענדער האט אפשר ניט געהערט פייפען. סאגאר האט אלזא אריינגעשטעקט זיינע צוויי פינגער אין מויל, און האט ווידער געגעבען דעם סיגנאל דריי מאל.

הענרי האט ווידער אנגעפאנגען ציטערען, און נאך א פיעל

שמערצליכערען איינדרוק האָט דיעזער סיגנאַל געמאַכט אויף מיני.

— אום גאָטעס ווילען! — האָט זי אויסגעשריען — איך קען ניט הערען דיזע זאַנדערבארע גרילצעריי. לאָמיר בעסער אריינגעהן אין הויז. דער קוויטש געפעלט מיר ניט, איהר מעגט לאַכען פון מיין אבערגלויבישע חלומות וויפיעל איהר ווילט. ביטע, לאָמיר פערלאַזען דעם גאָרטען.

ווען זי האָט געענדיגט ריידען, האָט זי געפיהלט ווי אירע כחות ענטלויפען פון איהר. עס האָט זיך איהר אבגעדאַכט אז די ערד גליטשט זיך אַרויס פון אונטער איהרע פיס. זי וואָלט געוויס געפאַלען אין אונמאַכט, און אין הויז איז געוואָרען א גאַנצער געטומעל.

זעקסטער קאַפּיטעל

## ליעבע און ראַכע

סאַגאַר האָט נאָך אַלץ געוואַרט מיט די גרעסטע איבערראַשונג, אָבער דיעזע איבערראַשונג האָט באַלד געמאַכט פּלאַטץ פאַר צאָרן און אונרוהיגקייט. איבערהויפּט האָט ער זיך געערגערט נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, שפּירענדיג אַרום הויז אז די וואהנונג פון די אדלערס איז בעלויכטעט, און ער האָט אליין געזעהן פון ווייטען ווי הענרי געהט אַרום איבערן צימער.

— וואָס טהו איך יעצט? — האָט דער גרויסער הינדו געטראַכט ארויסגעהענדיג פון גאָרטען — ווי קען איך קומען צו איהר מיט לעדיגע הענד?

ער האָט אָבער קיין אנדער ברירה ניט געהאַט. ער איז צוגעגאַנגען צו די פערד, האָט געגעבען א סיגנאַל דעם ניגער ער זאָל זיך ארויפזעצען אויפ'ן אנדערען פערד, און גאַלאָפּ. ער איז יעצטיגען מאָל אזוי שנעל געפלויגען אז אין אנדערהאַלבען שטונדען צייט, איז ער געוועזן אין הייל.

ער איז דורכגעלאָפען די פערשידענע צימערען ביז ער איז אנגעקומען אין פּריוואַט צימער פון די מאַסקירטע פרוי, וואו זי האָט געוואַרט.

ווי זי האָט געהערט זיינע טריט, האָט זי באַלד אַרויפגעהאַפּט אויף׳ן געזיכט איהר קליינע מאַסקע.

סאַגאַר האָט זיך פערנייגט און געשוויגען.

— ביסט אַליין? — האָט זי אויסגעשריען.

— יאַ, אַליין.

— איז ער צו הויז ניטאַ?

— ער איז יאַ דאַ.

— האָסטו איהם געגעבען דעם סיגנאַל?

— איינינע מאָל.

— האָט ער דיין סיגנאַל גאָר ניט געענטפערט?

— די פרוי האָט זיך אַנגעצונדען מיט אַ צאָרן, און האָט אַראָבגערוסען פון געזיכט די מאַסקע.

— ניין.

— דאָס ציינט אַלזאָ — האָט זי ווייטער געדונערט — אַז ער וויל מיר מעהר ניט קענען, און וועט מעהר אַהער ניט קומען.

סאַגאַר האָט געוואָלט געבען זיין מיינונג.

— אָבער ווי קען דאָס מעגליך זיין אַז איך זאָל זיין ביי איהם אַזוי גלייכגילטיג? — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין, זיך בע־טראַכטענדיג אין אַ גרויסען שפּיגעל — ער האָט ווארשיינליך היינט געקענט קומען, אָבער ער האָט געווים געוואָלט אויב ער האָט נאָר געהערט דעם סיגנאַל. יאַ, עס איז געווים אַזוי, און לאָז זיין וואָס עס איז,איך מוז איהם נאָך זעהן דאָ ביי מיר, און דאַן וועל איך זיך בעמיהען איהם צוציהען דורך זעלבע נייע קונצען אַז ער וועט שוין קומען לויפענדיג צו מיר. די פראַגע איז נאָר ווי קריג איך איהם היינט? עס איז יעצט פּונקט 12 אוהר אין דער נאַכט, און ווען אַלעס זאָל צוגעהן ווי איך וויל, קען איך איהם דאָ נאָך האָבען אַרום 4 אוהר באַגינען. איך וועל טאָן אַלעס איהם צו האַלטען ביי מיר, ווען נעטהיג וועל איך אויך אין זיין געגענוואַרט אַראָפּרייסען מיין מאַסקע, און איהם ווייזען אין גאַנצען מיט וועמען ער האַנדעלט. יאַ, איך וועל דאָס אַלעס טאָן, ווייל איך האָב איהם ליעב.

ביי דיזע ווערטער האָט זי צוגערופען איהר דיענער.

— סאַגאַר!

— פּרינצעסין?

— דו מוזט צוריק רייטען.

— צו דעם יונגען ענגלענדער?

— יא, און דו מוסט געפינען א מיטעל ווי איהם צו ברייננען אהער.

— אָבער — —

— ניטאָ קיין אָבער, סאַגאַר, דאָס מוז געשעהן.

סאַגאַר האָט געשוויגען און געהאַלטען די אויגען אראָבגע־לאָזען.

ווי איך זעה — האָט זי ווייטער געזאָגט — האָסטו אנגסט טאָמער וועט ער ניט וועלען מיטקומען. דו דאַרפסט קיין אנגסט האָבען, דו געה און ברייננ איהם. זאָג איהם אז מיין מאַסקע וועט היינט אראָבפאַלען.

זי האָט קוים געענדיגט די לעצטע ווערטער ווען סאַגאַר איז פערשוואונדען, און האַלב נאָך איינס אוהר אין דער נאַכט איז ער אָנגעקומען גאַלאָפּ נעבען די רעזידענץ פון די אַדלערס. אין בעגליי־טונג פון נאָך א רייטער.

א 50 פוס ווייט פון גאָרטען איז ער אראָבגעקראָכען, און האָט זיך אריינגעגנב'עט שטילערהייט צווישען די געדיכטע בויי־מער אין גאָרטען, ער איז געגאַנגען שטיל איבער גראָז, אנשטאָט צו געהן אין די שטעגען, ביז ער האָט געקענט זעהן פון ווייטען, הינטער א בוים, די וואָהנונג וואָס איז געווען בעלייכטעט בלויז אין צוויי פענסטער.

ער האָט זיך צוגערוקט נעבען א פענסטער, און האָט גע־זעהן זיצען איין אַלטען מאַן מיט א ציימונג אין האַנד. ער האָט זיך פון דיזען פענסטער אוועקגערוקט און איז אנגעקומען צום צוויי־טען פענסטער אויף'ן ווינקעל און ער איז דאָפּעלט צופרידען גע־ווען. ערשטענס וואָס דיזער פענסטער איז געווען אָפען, און צוויי־טענס וואָס ביים טיש איז געזעסען קיין אַנדערער ווי הענרי אַדלער אליין. ער האָט געראויכערט א ציגאַר און געבלעטערט איין אַלבום.

דער אינדיאַנער האָט גאַר ניט געוואַרט און באַלד געמור־מעלט שטילערהייט:

— ישרעקט אייך ניט, איך בין סאַגאַר, איך האָב נייעס.

— וועמען זוכט איהר? — האָט הענרי אונטערבראָכען.

— אייך אַליין.

— צו וועלכען צוועק?

— איך וויל אייך פיהרען צו דער יעניגע וועלכע וואַרט אויף אייך.

— ווער האָט אייך געשיקט?

— זי אַליין.

הענרי האָט געגעבען אַ שמייכעלע פון צופרידענהייט, און ווייטער געפרעגט:

— ווייסט זי אַז איהר האָט מיר שוין היינט צוויי מאָל געגעבען דעם סיגנאַל און איך האָב ניט געענטפערט?

— זי ווייסט אַז איך האָב אייך דריי מאָל געגעבען דעם סיג־נאַל, און איהר האָט ניט געענטפערט.

— און דאָך האָט זי אייך ווידער געשיקט?

— איהר זעהט דאָך. איהר ליעבע צו אייך איז שטאַרקער ווי אייער קאַלטקייט צו איהר.

הענרי האָט אייניגע מינוטען קיין וואָרט געזאָגט.

— אַלזאָ מיר געהן, יאָ? — האָט סאַגאַר פאַרטגעזעצט.

— איך קען ניט מיטגעהן — האָט הענרי לאַנגזאַם גע־ענטפערט — געהט אָן מיר.

— איך קען ניט געהן אַליין צוריק.

— איך קען אייך גאָר ניט העלפען — האָט הענרי גע־ענטפערט קאַלטבלוטיג.

זי וועט היינט אוועקנעהמען די מאַסקע פון געזיכט.

— צו שפּעט, מיין פריינד, איך וויל איהר ניט זעהן.

— אָבער, איז דאָס מעגליך? — האָט סאַגאַר געפרעגט.

— וואָרום זאָל עס ניט מעגליך זיין? איהר הערט דאָך אַז איך זאָג „ניין", און איהר זעהט דאָך אַז איך ריהר זיך ניט פון אָרט.

— אָבער, מיין ווירטהין האָט מיר געגעבען אַ בעפעהל אַז איך מוז אייך ברייננגען.

— זי איז א י י ע ר ווירטהין און קען נאָר א י י ך בעפעה־לען, אָבער ניט מ י ר. איהר האָט גאַנץ עהרליך געפאָלגט איהר

באפעהל, און אייך קומט א קאמפלימענט פאר אייער טרייהייט צו אייערווירטהין. אבער וואס האט דאס צו מיר? זעהט איהר, דאס קען איך אייך יא פערזיכערען, אז אין פאל ווען איהר ועט ווען עס איז פערלירען אייער שטעלע, זאלט איהר קומען צו מיר און איך וועל אימער געפינען ביי מיר אין הויז בעשעפטיגונג פיר אזא געטרייעם דיענער ווי איהר ווייזט זיך ארוים. נאר געהן מיט אייך יעצט קען איך ניט, און וועל ניט?

— אבער ווארום?

— דאס איז מ י ר צו וויסען: איך בין ניט פערפליכטעט אייך צו געבען רעכנונג פון מיינע טהאטען — האט הענרי געזאגט מיט שטאלץ.

— יא אמת, אבער עס וועט אייך גאר ניט שאדען ווען איהר וועט אנגעבען די אורזאכע ווארום איהר ווילט ניט געהן. זאל מיין ווירטהין וועניגסטענס זעהן אז איך האב געטאן מיין בעסטעס, און לאז זי מיר ניט חושד זיין אין מיין טרייהייט צו איהר.

— אויב אזוי זייט איהר גערעכט — האט הענרי געזאגט נאך א קורצע איבערלייגונג — איך וועל אייך מיטגעבען א צעטעלע זי זאל צו אייך ניט האבען קיינע פרעטענזיעס.

הענרי האט אנגעשריבען די פאלגענדע ציילען:

„צו די דאמע וועלכע האט מיר איהר געזיכט ניט געוויזען און איהר נאמען ניט געזאגט! איך דאנק אייך מאדאם פאר דעם זיסען חלום וואס איהר האט מיר איינינגע מאל פערשאפט, א רייצענדער טרוים וואס האט מיר איינינגע מאל פערשאפט, א רייצענדער טרוים וואס האט מיר שיער ניט פערשלעפט אין ליעבע. אבער מיין הארץ האט דיזעס מאל גוט אבגעשניטען, און דאס האב איך צו פערדאנקען אייער קליינע מאסקע וואס איז איין אייזערנע וואנד צווישען מיר און אייער ליעבע! אייער מאסקע האט פערשלאסען דעם וועג פאר אמת'ע ליעבע! היינט האב איך זיך אויפגעהאפט פון מיין חלום, און מיינע פאנטאזיעס זיינען אוועקגעפלויגען. דאך מעגט איהר מיר גלויבען אז יענע ליעבע בילדער האבען איבערגעלאזען א צייכען, ניט אין מיין הארץ, נאר אין מיין איינבילדונג. א

צייכען וואָס וועט חלילה ניט אַבגעמעקט ווערען, און
איהר דאַרפט אַלזאָ ניעמאַלס צווייפלען אין די דאַנק־
באַרקייט פון

**הענרי אדלער**

ער האָט עס אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט, האָט עס צוגע־
זיגעלט מיט זיין רינג און דער אינדיאַנער איז באַלד פערשוואונ־
דען.

הענרי האָט פינסטער געמאַכט זיין צימער און זיך געלעגט
שלאָפען. שלאָפען? אַה ניין! ער האָט קיין אויג ניט געקענט צו־
מאַכען, און ער האָט נאָר געדענקט פון דיזע זאָנדערבאַרע נאַכט.
מיני בלום איז איהם געוועזען טיעף איינגעפלאַנצט אין זיין זעעלע,
און ער איז געוועזען העכסט צופרידען וואָס ער האָט איין מאָל פאַר
אַלע מאָל אַבגעבראָכען מיט די אונבעקאַנטע. אָבער, אין דער זעל־
בער צייט האָט איהם אַזוי שטאַרק געערגערט וואָרום ער איז גע־
צוואונגען צו ענטפערען יענע פרוי איהר הייסע ליעבע מיט קאַלטע
אונדאַנקבאַרקייט.

ווען סאַגאַר האָט געגעבען לעזען זיין ווירטהין דאָס בריוועלע,
האָט זי עס געגעבען אַ שליידער און אויסגעשריען:

— אַזוי גאָר! דו שטויסט אַוועק מיין ליעבע! וואַרט בחור׳ל,
איך פערשפּרעך דיר מיין פיינדשאַפט, מיין האַס! די פרינצעסין
ד ש ע ל אַ ל אַ קען ניט אַזוי לייכט פערגעסען און פערגעבען. אַה,
דאָס וועט דיר טהייער קאָסטען די חוצפּה!

די פרינצעסין דשעלאַלאַ (מיר ווייסען יעצט איהר נאָמען און
איהר טיטעל פון איהר אייגענע רייד) האָט זיך הינגעזעצט אויף׳ן
דיוואַן און האָט זיך פערטראַכט.

— וואָס זאָל איך יעצט טאָן? האָט סאַגאַר געפרעגט.

— גאָר ניט. אָבער, איך וועל ראַכע נעהמען פון דיזען אונ־
פערשעהמטען קערל.

— ווי אַזוי?

— דאָס ווייס איך פאָרלויפיג ניט, אָבער איך קען שווערען
אַז מיין ראַכע וועט זיין שרעקליך, שוידערהאַפט און...

— ווילט איהר מיר פיליִיכט אנפערטרויען דיזע ראכע, פרינצעסין?

— וואס קענסטו דערביי העלפען?

— איך קען פיעל העלפען דורכפיהרען אייער ראכע.

— זאג אפען, ווי אזוי?

— איך האב הענד! אויף איין וואונק פון אייך, קען איך אריינשיקען אין העברי'ס אדערען איין עדעלע גיפט וואס פיהרט צו א לאנגזאמען טויט. איך קען נאך אפטאן מיין ארבייט היינט, איידער עס טאגט! איך קען איהם דערווערגען, איך קען...

די פרינצעסין האט אנגעקוקט סאגאר'ן, און אויסגעשריען:

— זאלסט ניט וואגען אנצוריהרען איין האאר פון העברי'ס קאפ.

— ווילט איהר דען, פרינצעסין, אז ער זאל לעבען, נאכדעם ווי ער האט אייך אזוי שענדליך בעליידיגט?

— יא, איך וויל אז ער זאל לעבען און ליידען. איך וויל ער זאל לעבען צו קענען זעהן ווי זיין ליעבע איז געטראמפעלט אונ־טער די פיס, ווי זיינע האפענונג פערשווינדעט מיט'ן רויך. איך וויל ער זאל לעבען און צוקוקען ווי איך מאך לעבער אין זיין הארץ, דאס הארץ וואס שטאלצירט געגען מיר! איך וויל ער זאל לעבען, איך זאל אליין קענען ראכע נעהמען פון איהם. און איהם ערקלערען וואס מיין ראכע בעדייט וואס זאגסטו יעצט, סאגאר?

דער אינדיאנער האט זיך געבוקט פאר דשעלאלא'ס פיס. און געמורמעלט:

— פרינצעסין! איהר זיינט גרויס ווי איהר זיינט רייצענד, און אייער טיפער פערשטאנד האט נאך גענוג פלענער צו בע־שטראפען די יעניגע וועלכע לעסטערען אייער עהרע.

— ער וועט חרטה האבען דער ענגלענדער — האט זי ווייד־טער אויסגעשריען זיך אויפהייבענדיג פון זאפא.

— רופט איהם דאך ניט „ענגלענדער" פרינצעסין, זאנדערן, ענגלישע יודע, דען העברי אדלער איז א איד.

דשעלאלא האט קיין ווארט געענטפערט.

זיבעטער קאַפּיטעל

# די צוויי איינלאַדונגען

בענגאַל איז די גרעסטע פּראָווינץ פון אינדיען וואָס געהערט צו ענגלאַנד, אין דיזע פּראָווינץ אַליין געפינען זיך נאָהענט פון 35 מיליאָן איינוואָהנער. די הויפּשטאָדט פון דיזע פּראָווינץ, צעהלט אונגעפעהר 150 טויזענד איינוואָהנער, דאַרונטער זיינען אַ 75 טויזענד הינדוס אָדער אינדיאַנער, און די איבריגע קריסטען, מאַחמעדענער, אייראָפּעער, דייטשע און ענגלישע אידען, שפּאַנישע אידען און אונגעפעהר אַ דריי טויזענד אידישע פאַמיליען פון רוסלאַנד, רומיניען און גאַליציען.

די ענגלישע און דייטשע אידען פיהרען דאָרט גרויסאַרטיגע געשעפטען, אימפּאָרטירען און עקספּאָרטירען אַלערליי וואַרע, די שפּאַנישע אידען בעשעפטיגען זיך מעהר מיט פּראָפעסיאָנען ווי מיט האַנדעל, אָבער די מייסטען פון די רוסישע, רומינישע און גאַליציאַנישע אידען האָבען דאָרט ליידער געוועהלט אַ טרויעריגע בעשעפטיגונג וואָס עס פּאַסט ניט עס אָנצורופען שוואַרץ אויף וויס אין אַ פאַמיליען בוך וואָס ווערט געלעזען פון אָרענטליכע אידישע טעכטער, טאַטעס און מאַמעס. זיי האָבען דאָרט די זעלבע טרויעריגע בעשעפטיגונג ווי אין באָמביי, קאַלקוטאַ, אַלעקסאַנדריע (עגיפּטען) און בוענעס אירעס.

ווען לעאָן אַדלער איז אַריבער געקומען אין אינדיען און האָט געהאַט די געלעגענהייט בעקאַנט צו ווערען אַביסעל מיט די בעפעלקערונג פון בענגאַל, האָט ער געלעבט גאַנץ איינזאַם, און איז געווען אין גאַנצען צוריקגעצויגען פון געזעלשאַפט, ער האָט נאָר געזוכט צו מאַכען געלד, אַרויפקלעטערען אויף'ן גאָלדענעם לייטער פון הצלחה, און דאָס איז איהם אויך געלונגען. דאָן איז ער אויך פּאָפּולער געוואָרען.

צווישען די ווענינ בעקאַנטע צו וועלכע לעאָן אַדלער האָט געהאַט פיעל צוטרויען איז געווען די פאַמיליע בלום וואָס האָט אויסגעוואַנדערט פון אָדעסאַ און זיך בעזעצט אין אינדיען. די שעהנע און אַריסטאָקראַטישע אויפפיהרונג פון די פאַמיליע בלום

אין בענגאל האט זיך באלד געלאזט הערען צווישען די דייטשע און ענגלישע אידען, און טראץ דעם שלעכטען נאמען וואס בלום׳ס לאנדסלייט האבען אין אינדיען, האט דאך לעאן אדלער קיין בע־סערען בוזים פריינד געקענט געפינען ווי מארקוס בלום, דער פאטער פון די צוויי שעהנע טעכטער מיני און גרייס.

עס איז פאראיבער דריי וואכען זייט לעאן אדלער האט פער־שפראכען זיין זוהן העגרי אז אין א מאנאט ארום וועט ער איהם פערטרויען די גאנצע געהיימניס וועלכע ער האט איהם ביז יעצט געגעבען אנצוהערען אויף׳ן וואונק. נאך א וואך צו צוווארטען, אבער ווי לאנג דיזע וואך איז איהם געוועזן.

הענרי און מיני זיינען שוין געוועזן פערלאבט. זיי האבען ביי־דע געפיהלט אז זיי געהערען זיך איינער צום אנדערען, ער איז גע־ווען אמת איהרער, און זי זיינער. זיי האבעןביידע געפיהלט אז קיין זאך קען זיי ניט שיידען, סיידען דער טויט אדער דער תהום! דאכט זיך קיין שעהנערע און ריינערע ליעבע ווי זייערע, און דאך האט דער הימעל געצייגט אויף שטורם! זיי האבען ביידע געצי־טערט, ווי דער שטייגער ביי פערליבטע, אז אין זייער בעכער האָ־ניג זאל דער שלימזל ניט אריינמישען עפעס גיפט.

איין אווענד זיינען געלעגען ביי לעאן אדלער אויף׳ן שרייב־טיש, צווישען פערשידענע בריעף, צוויי קאנווערטען. וועלכע האָ־בען אויף זיך ארויפגעצויגען די אויפמערקזאמקייט מעהר פאר די אנדערע בריעף, ערשטענס דורך דעם שעהנעם קאליר פון די קאנ־ווערטען, און צווייטענס דורך די גרויסע זיגלען מיט פיגורען וואס זיי האבען געהאט אויף זיך. איין בריעף האט געטראגען א צייכען פון ענגלישען קרוין, און דער אנדער בריעף א צייכען פון איין אלט אינדיאנישען גאט מיט דריי קעפּ.

לעאן אדלער האט אויגעריסען דעם קאנווערט פון ערשטען בריעף, און אויסגעשריען לוסטיג צו די פריילינס:

„איך האב עפעס פאר אייך, קינדער, וואס וועט אייך פיעל אינטערעסירען, איין איינלאדונג צו א גרויסע אונטערהאלטונג און באל".

ביידע שוועסטער האבען געפאטשט בראווא פאר גרויס פרייד.

לעאָן אדלער האָט באלד אָנגעפאנגען לעזען די איינלאַדונג וואָס האָט געלויטעט אזוי:

„לאָרד לייניאָן, דער גאָווערנאָר פון פראָווינץ בענגאַל, לאַדעט הערן לעאָן אַדלער, זיינע זיהן העגרי און עדוואַרד אַדלער, און די פריילינס בלום, זיי זאָלען אזוי פריינדליך זיין און איהם בעהערען מיט זייער געגענוואַרט אין פאַלאַסט פון גאָווערנאָר, שבת דעם 8־טען סעפּטעמבער.

— איין אונטערהאַלטונג ביי לאָרד לייניאָן אין פאַלאַסט! — האָט אויסגעשריען מיני — אַך ווי שעהן און גרויסאַרטיג! מיר מוזען שוין אָנפאַנגען פאָר בערייטונגען פון אונזער טאַאַלעטע.

— געווים קינדער — האָט דער אַלטער אונטערבראָכען — דען לאָרד לייניאָן'ס בעלער האָבען אַ גרויסען נאָמען אין דער ענגלישער קאָלאָניע. איהר וועט דאָרט זעהן ניט נאָר די שעהנסטע אייראָפּעאישע טאַאַלעטע, זאָנדערן אויך די רייצענדע אָריענטאַלישע קליידער פון אינדיאַנישע פּרינצעסינס, ראַדזשאַס אָדער פּרינצען.

לעאָן אַדלער האָט געעפענט דעם צווייטען קאָנווערט און אויסגעשריען מיט אַ ווילדע איבערראַשונג:

— ווידער איין איינלאַדונג, אָבער פון אַ גאַנץ אַנדער זאָרט.

ער האָט פאָרגעלעזען דיזע צווייטע איינלאַדונג וואָס האָט געלויטעט אזוי:

„די פּרינצעסין דשעלאַלאַ פון בענגאַל לאַדעט סער לעאָן אַדלער מיט זיינעביידע זיהן צו אַ יאַכט פּאַרטיי אין איהר וואַלד שאַהאַבאַד, דאָנערשטאָג, דעם 6־טען סעפּטעמבער, ווי אויך צום אווענד־מאָל".

— דיזע איינלאַדונג איז מיט צוויי טעג פריהער — האָט מיני בעמערקט זעהר קאַלט — און איך גלויב אַז איהר דאַרפט דאָרט ניט געהן, דען וואָס פאַר אַ פערגעניגען איז זיך צו יאַגען מיט ווילדע חיות?

דו רעדסט פון פערגעניגען, מיני — האָט זיך צולאַכט איהר שוועסטער גרייס — דו פאַרגעסט אַז דאָ איז דאַ געפאַהר אויך.

לעאַן אדלער האָט אַ ווײַלע געשוויגען, און הענרי האָט איהם געקוקט אין די אויגען.

— יאָ קינדער — האָט דער אַלטער ענדליך ערווידערט — איך זעה אַז איהר האָט קיין גרויסע נייגונג צו געהן אויף'ן געיעג. איך האָב נאָך וועניגער נייגונג צו זעלכע פערגעניגען: אָבער לייד־דער קען איך זיך ניט העלפען און איך מוז אָננעהמען דיזע איינלאַדונג.

— ווארום דער „מוז" פּאַטער?

— וועסט עס וויסען אין קורצען, מיין זוהן.

— אָבער ווער איז די פּרינצעסין דשעלאַלאַ, פּאַטער? — האָט הענרי ווייטער געפרעגט.

— זי איז אַ הינדו פּרינצעסין, און זי שטאַמט פון איין אַלטע בראַהאמאנישע פאַמיליע וואָס האָט אַמאָל געשפּילט אַ געוואַלדיגע ראָלע אין אינדיען, דורך איהר רייכטהום. זי אַליין האָט נאָך יעצט אַזאַ ריעזען פערמעגען אַז איך קען צו איהר קיין גלייכען געפינען אין גאַנץ ענגלאַנד. גאַנצע פּראָווינצען געהערען צו איהר, און זי האָט פּאַלאַסטען אין אַלע גרויסע שטעדט פון אינדיען. איהרע שלעסער אין לאַנד זיינען זעהר צאהלרייך, און דער שלאָס שאַהאבאד וואו זי לאַדעט אונז האָט אַרום אַזאַ גרויסאַרטיגען וואלד דאָס די אינדיאַנער פּרינצען רופען עס מיט רעכט „דער גן עדן פון די יעגער". ווען זי זאָל ניט זיין אַ פריינד פון ענגלאַנד, ווי זי בעהויפּטעט, וואָלט זי געווען אַ גרויס געפאַהר פאַר גאַנץ אינדיען.

— איז זי פערהייראַטעט? — האָט הענרי געפרעגט מיט די גרעסטע נייגיערדע.

ווען זי איז אַלט געווען 18 יאָהר איז זי שוין געווען איין אַלמנה. יעצט איז זי אונגעפעהר 25 יאָהר אַלט, און זי איז איינע פון די שעהנסטע פרויען וואָס דיין איינבילדונג קען זיך פאָרשטעלען.

— אָבער — האָט מיני אונטערבראָכען איז דיזע אינדיאַנישע פּרינצעסין אויך ציוויליזירט ווי זי איז שעהן, אָדער זי איז נאָך ווילד ווי אַלע אַזיאַטען?

— זי איז זעהר ציוויליזירט און אויך זעהר ווילד — האָט אַדלער געענטפערט לאַכענדיג — זי האָט געוואַקסען איין ענגלישע

ערציהונג ווי א לארד'ס א טאכטער, און אויך פראנצויזיש רעדט זי מוטער שפראך. זי האט דורכגעוואנדערט גאנץ איירא פא, און זי האט געטאנצט מיט פרינצען אין לאנדאן, בערלין, וויען און פעטערסבורג. איהרע קליידער אימפארטיט זי אליין פון פאריז. אבער נאך אלעם דעם איז זי געבליבען זעהר אבערגלויביש ווי אלע הינדוס פון איהר שטאם, זי גלויבט אז איהרע אורעלטערען די טאמערלידען שטאמען ארויס פון גאט ווישנו, און זי געהט זיך בו־קען אין טעמפעל פון סיווא. ווי זי איז ציוויליזירט, וואלט זי מיט פערגעניגען געלאזט פערברענען לעבעדיג אויף'ן מזבח פון גאט סי־ווא דעם שענסטען קאוואליער וועלכער האט מיט א ווייל פרי־הער געטאנצט מיט איהר אין קאדריל.

— אבער ווי לעבט זי אין בענגאל? ווי פיהרט זי זיך אויף?

— האט הענרי געפרעגט גאנץ איבערראשט.

— זי לעבט אין לויטער געהיימניס, אבער אויך אין גרעסטען לוקסוס וואס רייכטהום קען פערשאפען.

— און ווארום הייראטעט זי ניט? — האט מיני געפרעגט מיט א שמייכעל.

— דאס איז ווידער איהר געהיימניס — האט לעאן אד־לער ערווידערט.

אכטער קאפיטעל

# אין ווילדען וואלד

דער טאג פון די יאכט איינלאדונג ביי דער פרינצעסין דשע־לאלא איז אנגעקומען. אום 8 אוהר מארגענס, דאנערשטאג, האבען שוין געווארט איינינע געזאטעלטע פערד פארן טויער פון אדלער'ס רעזידענץ. די ערשטע דריי וואס האבען זיך געזעצט אויף די פערד זיינען געוועזן לעאן אדלער און זיינע צוויי זיהן. סטאפ און קאזיל זיינען נאכגעריטען.

עס האט גענומען גוטע 4 שטונדען ביז זיי זיינען אנגעקומען אין וואלד שאהאבאד ווען עס האבען שוין געווארט א גרויסע קאמ־פאני געסט אויף פערד, און צווישען די געלאדענע האט זיך אם

מייסטען ארויסגעזעהן לאָרד לייניאָן. לעאָן אדלער האָט פאָרגע־שטעלט זיין זוהן העגרי פאַרן גאָווערנאָר, לאָרד לייניאָן, און איי־דער די צערעמאָניע פון די בעקאַנטשאַפט האָט זיך געענדיגט, האָט א גרויסער יאַכט טרומפּייטע אָנגעצייגט אַז די פּרינצעסין אַליין מיט איהר סוויטע זיינען אָנגעקומען.

קענט איהר שוין די פּרינצעסין? — האָט געפרעגט לאָרד לייניאָן דעם יונגען הענרי.

— נאָך ניט, מיין לאָרד.

— אייער פאָטער וועט אייך אַלזאָ אַליין פאָרשטעלען פאַר איהר. נאָר ערלויבט מיר אייך צו געבען א קליינעם ראַטה. וויקעלט צו ערשט איין אייער האַרץ אין א דריי פּאַכיגען פּאַנצער פון שטאָהל, עס זאָל אייך ניט טרעפען די קויל פון ליעבע.

— וואָס מיינט איהר, לאָרד? — האָט הענרי געפרעגט מיט א שמייכעל.

— איך מיין דאָס וואָס איך זאָג, מיין פריינד, איהר זאָלט אייך ניט פערליעבען איבער די אויערען אין דיזע פּרינצעסין. איך מיין דערביי קיין שפּאָס. די פּרינצעסין דשעלאַלאַ, איינע פון די רייכסטע פּרויען אין אינדיען, איז אַן א צווייפעל די שעהנסטע לעבעדיג פּערל וואָס מיינע אויגען האָבען ווען עס איז געזעהן, און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל אַז איהר וועט האָבען די זעלבע מיי־נונג ווען איהר וועט איהר האָבען געזעהן.

— ניין, לאָרד, איך שרעק זיך ניט פאַר א מאַגנאַטישע שעהנקייט און ניט פאַר הימלישען חן. אַזא ליעבע קען מיר שוין מעהר ניט בייסען.

— זיינט איהר, זיכער? מיר וועלען באַלד זעהן, הערר אדלער.

— ווייסט איהר, מיין לאָרד, וואָרום ליעבע פון די פּרינ־צעסין קען ניט דערגרייכען ביז מיין האַרץ חאָטש איך האָב איהר נאָך ניט געזעהן? ווייל איך טראָג אַרום זיך א פּאַנצער וואָס איז פיעל מעכטיגער ווי אַלע פּאַנצערס, און דיזער פּאַנצער איז קיין אַנדער זאַך ווי דאָס האַרץ פון פריילין מיני בלום צו וועמען איך בין פערלאָבט.

— אויב אזוי, מיין פריינד, זייט איהר גערעכט און ענטשול־דיגט מיר דעם קליינעם שפאס.

אין דיזע ווײלע האט זיך בעוויזען די פרינצעסין מיט איהר סוויטע. פארויס זיינען געריטען צוועלף מוזיקאנטען געקליידעט אין פורפור און זילבער, אויף מילך ווייסע פערד. באלד זיינען נאכגעריטען אויף שווארצע פערד 25 דאמען געקליידעט אלס אמא־זאנען, מיט שטאהלענע קיווערס וואס האבען בלאנקירט אין דער זון, אויף יעדען קיווער האט זיך געשאקעלט א ווייסער שטרויס פערד הינטער זיי איז געריטען די פרינצעסין דשעלאלא, ארומ־גערינגעלט מיט די אפיצירען פון איהר פאלאסט, און ביי דער זייט דער ראדשא (פרינץ) דורגאל סאהיב. דערנאך זיינען ווידער געקומען א שנור רייטערקעס, און א קליינע ארמעע קאמער דיע־נערס צו פוס אום צו בעדיענען די געסט.

די פרינצעסין איז געווען געקליידעט אויף׳ן אייראפייאישען ארט: א קלייד פון עכט בלויע שטאף צוגעשניטען און אויפגענעהט פון בעסטען שניידער פון פאריז. איין ענגער ווייסער קראגען האט פעסט ארומגעשלאסען איהר האלז. אויף׳ן קאפ האט זי געטראגען א גראען פילץ הוט פון וואנען עס האט ארויסגעשטעקט א רויטע פעדער. זי איז געריטען אויף א פרעכטיגען פערד וואס האט זיך געפיהלט אריסטאקראטיש פון די אויערען ביז׳ן עק. אין די לינקע האנד האט זי געהאלטען די לייצעס, און איהר רעכטע האנד א גרויסארטיגען שעהנעם בייטש.

דיזע טאאלעטע האט איהר פארטרעפליך גוט געפאסט. די ווייסט וואס איז געלעגען אויף איהר ווי אבגעגאסען, האט אב־געצייכענט מיט שמאדשטיק די חן׳עוודיגע רונדקייט פון איהר בוזים און די קייל‏עכדיגע ארימס איבערען עלענבויגען.

איבער א געוויסע אורזאכע (וואס דער לעזער קען טרעפען) איז זי געווען א ביסעל אונרוהיג, איהרע אויגען האבען געברענט ווי פייער, איהר הארץ האט געקלאפט און איהרע ראזע ליפען האב־בען געציטערט ווען זי איז צוגעריטען נעהנטער צו הענרי אדלער לארד לייניאן האט דער ערשטער איהר בעגריסט.

— דאנקע שעהן, לארד — האט די פרינצעסין ערווידערט דעם גערוס.

— און איך דאנק אייך אלעמען, האכגעשעצטע געסט, פאר אייער אננעהמען מיין איינלאדונג. איך בין אייךווירקליך זעהר דאנקבאר.

ווי העברי האט דערהערט די שטימע פון פרינצעסין איז ער געבליבען ווי פערגליווערט, און זיינע פיס האבען געציטערט. עס האט זיך איהם אבגעדוכט אז ער האט שוין אמאל געהערט דיזע שטימע. אבער ווען? דאס האט ער זיך ניט געקענט דערמאנען. עס איז איהם גארניט איינגעפאלען אז דיזע פרינצעסין איז די זעלבע פרוי מיט די ווייסע אטלעסענע מאסקע וועלכע האט איהם איינינגע מאל אזוי שעהן עמפפאנגען אין פעבארגענעם פאלאסט אונטער דער ערד. העברי האט איהר אנגעקוקט מיט די גרעסטע אויפמערקזאמקייט. און האט זיך צופרידען געשטעלט צו בעוואונדערען איהר געטליכע שעהנקייט און די בעצויבערטע פארמע פון איהר קערפער.

— פרינצעסין! — האט לארד לייניאן געזאגט געבענדיג א קוס איהר האנד — מיר זיינען שטאלץ מיט די איינלאדונג וואס קומט פון אזא הויכען פלאטץ ווי די פרינצעסין דשעלאלא, די ווירקליכע העשערין פון אינדיען.

— צו פיעל קאמפלימענטען, מיין לארד — האט זי ערווידערט לאכענדיג — דען פון די קרוין וואס מיינע עלטערען האבען געטראגען איז מיר נאר איבערגעבליבען דער הויפען בריליאנטען וואס איז איינגעפלאנצט אין מיינע שווארצע האאר. מיין רייכטהום און מיין מאכט קענען מיר ניט צוריק אבגעבען מיין סצעפטער.

זי האט ניט געגעבען לארד לייניאן די געלעגענהייט צו ענטפערען, דען זי האט זיך באלד געווענדעט צו לעאן אדלער מיט דיזע ווערטער:

— עס פרעהט מיך וואס איהר זייט געקומען און מיטגעבראכט אייערע זיהן.

— פרינצעסין! — האט לעאן אדלער ערווידערט — אייער איינלאדונג מאכט מיר פיעל עהרע: ערלויבט מיר איך זאל אייך פארשטעלען מיין עלסטען זוהן העברי!

דשעלאלא האט אויפגעהויבען איהרע אויגען צום יונגען מאן,

האָט איהם אָנגעקוקט אייניגע סעקונדען אַזוי מאָדנע, אַז דער יונגער קאַוואַליער האָט זיך געפיהלט ווי האַלב פערטומעלט.

איהר זייט ווילקאָמען צווישען אונז, סער הענרי — האָט זי ענדליך געזאָגט — און אַזוי ווי איהר זייט אַ גאַסט אין אינדיען, ערלויבט מיר איך זאָל זיין הייטע אייער וועג ווייזער און בעגלייטער זיין אין דיזען וואַלד ביז אָוועגד.

מיט שטאָלץ און פערגעניגען, פּרינצעססין — האָט דער יונגער מאַן געענטפערט, און מעהר קיינע ווערטער געפונען.

— איהר זאָלט אייך ניט שרעקען ווען איך וועל אייך זאָגען, הערר אַדלער, — האָט זי ווייטער באַמערקט דאָס מען מוז זיך גוט אין אַכט נעהמען אויף אַזאַ גייעג אין דיזען וואַלד. די ווילדע חיות האָבען דאָ צופיעל חוצפה, אַבוואָהל דער וואַלד איז מיינער. איבריגענס, וואָס קען מען ערוואַרטען פון אַזיאַטען?

— אייער ווילען וועט געשעהן, פּרינצעססין! — האָט הענרי געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— איך האָב פּאַר אייך אַ שעהנעם פערד — האָט זי פּאָרטגעזעצט — עס איז דער שנעלסטער פון אַלע פערד צום גאַלאָפּ. ער איז אָבער אַ טייפעל פון אַ פערד. איך רוף איהם דזאַלי. אויב איהר זיינט אַ גוטער רייטער, זאָלט איהר, גיטיגסט, רייטען אויף דזאַלי. ביז יעצט פלעגט אויף איהם רייטען מיין בעגלייטער און פריינד דער ראַדשאַה דורגאַל סאַהיב.

אַ קאַמער דינער האָט צוגעפיהרט דזאַלי. זיין פעל האָט געשיינט ווי סאַטין, און זיין גלאַנציגע שוואַרצקייט האָט געבילדעט אַ מערקווירדיגען קאָנטראַסט מיט'ן זאָטיל און צוים פון עכטע מאַראָקאָ לעדער, אַרומגעשטעפּט מיט גאָלד.

— ווי געפעלט אייך דזאַלי? — האָט זי געפרעגט.

— וואונדערבאַר! — האָט ער אויסגעשריען מיט ענטציקונג — און איך פערזיכער אייך, פּרינצעססין, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך זעה אַזאַ שטאָלצע באַשעפעניש אויף פיער פיס.

ביי דיזע ווערטער האָט הענרי אַרויפגעשטיגען אויף דזאַלי מיט אַ פלינקען שפּרונג ווי אַ געשיקטער רייטער. אָבער, דזאַלי האָט אָנגעפאַנגען שפּרינגען אויף די הינטערשטע פיס. הענרי איז

געזעסען פעסט אין זאָטיל, און אנשטאט זיך צו שרעקען, האָט ער געשמייכעלט. דזאָלי האָט אזוי לאַנג געשפּרונגען, געטאַנצט און גע־דרעהט מיט זיין לאַנגע האלז ביז ער האָט ביסלעכווייז נאָכגע־געבען זיינע ווילדע קונצען, און ער איז געבליבען שטעהן.

— זעהט איהר פּרינצעסין — האָט העגרי באַמערקט — איך און דזאָלי האָבען זיך ניט פערשטאַנען באלד פון אנפאנג, ווי עס טרעפט אָפּטמאָל ביי איין ערשטע בעקאַנטשאַפט. אָבער מיר האָבען באלד געמאַכט שלום, ניט אמת?

— עס איז צייט, מיינע הערען, מיר זאָלען זיך נעהמען צום געיעג — האָט דשעלאַלאַ געזאָגט צו איהרע געסט — די צייט לויפט שנעל אוועק. און איהר, סער העגרי, פערגעסט ניט אז איהר זייט מיין קאַוואַליער און בעגלייטער, ווערענד איך בין אייער וועג ווייזערין.

מיט פינף מינוטען שפּעטער זיינען אַלע געסט געזעסען אויף די זאָטלען, און דער גאַלאָפּ האָט זיך אָנגעפאַנגען, די פּרינצעסין און העגרי פאָראויס.

צוויי שטונדען האָבען זיי קיינע בייזע טהירען באגעגענט, בלויז הירשען, די יעגערס האָבען זיי נאַטירליך אָפּגעראַמט פון וועג מיט ביקסען און רעוואָלווערס. דשעלאַלאַ האָט געהאט ביים זייט זאָטיל א גוטען רעוואָלווער מיט א זילבערנעם הענדעל, און יעדעס מאָל ווען זי האָט געשאָסען האָט זי כמעט אימער געטראָפען, זי איז געווען אזוי בעגייסטערט מיט איהר ליעבע צו שיסען, טויטען און צעשמעטערען אז העגרי האָט ניט געקענט זיך אָפּוואונדערען.

— א טיגער, א טיגער! — האָט זיך פּלוצלונג געהערט א געש־ריי פון אַלע זייטען — און די רעוואָלווערס האָבען גענומען רע־דען אויף די ווילדע חיה וואָס איז באלד געפאַלען אין טייך פון איהר אייגענע בלוט.

---

ניינטער קאַפּיטעל

# אַ בית עולם פאַר עלעפאַנטען

ווי די לעזער עראינערען זיך, האָט די פּרינצעסין דשעלאַ געשוואָרען ראַכע צו נעהמען פון העברי דערפאַר וואָס ער האָט ניט געוואָלט מיטקומען מיט סאַגאַר'ן צו איהר אין הייל.

די פּרינצעסין וואָס איז געווען זעהר שטאָלץ מיט איהר מאַ־יעסטעטישע שעהנהייט, האָט געשוואָרען אַז זי מוז דעם יונגען מאַן ברייננען אונטער איהר מאַגנעטישען ווילען און דערנאָך וועט איהם אויספאַלען באַקים זיין נידערטרעכטיגע חוצפה מיט וועלכע ער האָט צוריגעוויזען איהר הייסע ליעבע. אָבער, ווי זי האָט איהם דערזעהן אין וואַלד ביים געיעג און זי האָט באַטראַכט העברי'ס עדעלען טאַלענט אַלס קאַוואַליער, האָט איהר צאָרן פּלאָטץ גע־מאַכט פאַר עפּעס מיטלייד, און זי האָט זיך דערמאָנט יענע ערשטע ווײַלע ווען ער איז געלעגען אויף איהר זאַפאַ פערשלעפערט ווי אַ גרויסע בלאָנדע בייבי.

זי האָט ווידער אָנגעפאַנגען זוכען פּלענער ווי אַזוי צו געווי־נען זיין האַרץ דורך ווייבערשע קונצען, דורך קאָקעטישע חן'דע־לער, אָדער ווען נעטהיג, דורך געוואָלט און מורא. זי האָט נאָר געזוכט אַ וועג ווי אַזוי איהם צו ברייננען צו איהרע פיס און איהם צוקייטען, אָבער ניט מיט קייטען פון אייזען, נאָר מיט קייטען פון בלום! זי האָט געזוכט מיט ליכט ווי איהם צו זעטצען אין געפענ־געניש, אָבער ניט הינטער די גראַטעס, זאָנדערען הינטער צוויי ליפּען — אין אַ קוס! זי האָט געטרוימט ווי העברי זאָל ליידען די זיסע שמערצען פון ליעבע, דאָס הייסט: זיין קערפּער זאָל קיין זאַך ניט שאַדען, אָבער זיין איינבילדונג זאָל איהם מאַטערען און מאַ־כען טויזענד לעבער אין זיין זעעלע!

אַזוי האָט געטראַכט אונגעפעהר די פּרינצעסין דשעלאַ זיצענדיג ביים טיש צום פריהשטיק, העברי ביי איהר זייט און אַלע געסט אַרום, באַלד נאָך דעם ערשטען געיעג. די אונטעהאַלטונג ביים טיש אין שלאָס שאַבאַהאַד האָט געדויערט אונגעפעהר איין

שטונדע ווען איינער פון די דיענער האט ווידער געגעבען א סיג־
נאַל מיט זיין טרומפעטער מען זאָל געהן אין וואַלד.

— ווידער אויף׳ן געיעג? — האט לאָרד לייניאַן אויסגע־
שריען לאַבענדיג.

— אָה ניין, מיין לאָרד — האט די פרינצעסין געענטפערט
—מיר ווילען אזוי מאכען א שפּאציר אויף די פערד, און מיר ווע־
לען פּרובירען זיך יאָגען איינער דעם אנדערען. דאָס איז אויך
איין אינטערעסאנטער געיעג.

— מיר האָבען געווים מעהר רעכט זיך צו יאָגען איינער דעם
אנדערען ווי צו יאָגען די חיות — האט העברי באמערקט פילאָ־
זאָפיש פעררויכענדיג א ציגאר — איך ווייס ניט וואָס פאר ביי־
זעס די הירשען האָבען אונז געטאָן דאָס מיר האָבען זיי געשאָסען
גאָר אָן א פאַרוואָס, און מיר האָבען פון זיי דאָס לעבען בערויבט
נור אַלס א צייט פערטרייב. שעהנע עולם הזה!

— איהר רעדט ווי די וועגעטעריאנער, מיין פריינד —
האט די פרינצעסין אויסגעשאָסען מיט א געלעכטער — און
איהר דאַרפט נאָר עסען גראָז און ציבעלעס ווי די וועגעטאריאנער
טוהען, אנשטאט צו עסען פלייש.

העברי האט זיך צולאכט, און אין פינף מינוטען ארום זיי־
נען אלע געסט ווידער געווען אויף די פערד. אבער יעצטיגעס
מאָל זיינען זיי ניט געריטען צוזאמען, זאָנדערן זיי האָבען זיך צו־
שפּרייט פון אלע זייטען פאָר ווייז, אָדער איינציג ווייז.

העברי האט געוואָלט פּרובירען ווי שנעל דזאָלי קען לויפען
גאַלאָפּ. ער האט געגעבען א קלאַפּ דאָס פערד מיט זיינע שפּאָרען,
און הוטו! ער האט אזוי גאַלאָפּירט א פינפצעהן מינוטען מיט די
גרויסע שנעלקייט, און די פרינצעסין איז געבליבען פון ווייטען קוק־
קענדיג ווי דער יונגער קאוואַליער פליהט ווי א ווינד און שפּאלט
די לופט דורך בארג און טהאָל.

העברי וואָלט נאָך ווייטער גאַלאָפּירט, ווען ניט א ציעמליך
גרויסען בארג ארויף וואָס דזאָלי האט בעדאַרפט ארויפלויפען,
און נאטירליך האט זיך דער גאַלאָפּ אפּגעהאַקט. ווען העברי איז
געווען גאַנץ אויבען אויף׳ן בארג, האט ער פאר זיך געזעהן א פלאַ־
כע פלוין וואָס האט זאָנדערבאר אויסגעזעהן. זיין פערד האט גע־

טראמפעלט אויף ביינער, קנאכען און שטיקער „העלעפאנט ביין”. ער האט שוין געוואלט אומקעהרען זיין פערד צוריק, מיט א מאל ער הערט פון הינטען טריט פון א רייטער! ווען ער האט זיך אויס־געקירעוועט, איז ער איבעראשט געווארען צו זעהן ווי קאזיל פליהט ארויף גאלאפ מיט א קליינע פאני.

— מייסטער! — האט דער קליינער אינדיאנער אויסגערו־פען — איך בין אייך נאכגעריטען זאבאלד ווי איך האב געזעהן אז איהר לאזט אייך אוועק אויף׳ן בארג, דא איז ניט קיין גאנץ היימ־ליכער פלאטץ.

— זאג מיר, קאזיל, וואס פאר א פלאטץ איז דיזער? זעה וואס דא טהוט זיך!

— מייסטער! — האט דער קליינער טרייער דיענער גע־ענטפערט — דא איז דער בית עולם פון די עלעפאנטען, און דיזע ביינער אויף וועלכע אייער פערד טראמפעלט, דאס זיינען די ביי־נער פון עלעפאנטען. די עלעפאנטען אין אינדיען זיינען כמעט קלוג ווי מענשען. זיי האבען די זעלבע געפיהלען פון שאנדע, ליעבע און טויט ווי די אינדיאנער. צו ליעבען און שטארבען בעהאלטען זיי זיך אין א וויסטען פלאץ. ווען זיי פיהלען אז זיי ווערען אלט, קומען זיי אהער, לייגען זיך אוועק אום זיך מעהר ניט אויפצו־הייבען, און זייווארטען גאנץ געלאסען אויף׳ן טויט.

— און וואס בעטייט יענער מאנומענט? — האט העגרי ווייטער געפרעגט.

— דאס איז, מייסטער, די סטאטיו פון דעם בייזען גאט סיווא, ווייל אין אונזער רעליגיאן איז דער עלעפאנטישער בית עולם א זעהר הייליגער פלאץ, און אזוי ווי די הינדוס קומען זעהר אפט היער אויף קבר אבות פון די עלעפאנטען, מוז מען דא הא־בען דעם גאט פון די גייסטער, מען זאל איהם קענען בעטען ער זאל ניט אזוי שלעכט בעהאנדלען די מענשען.

— דאס זיינען באבע מעשות וואס אינטערעסירען מיר גאנץ ווייניג — האט העגרי איהם אונטערבראכען שמייכלענדיג — אבער איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען אין וועלכע צייט קומען היער צוזאמען די הינדוס?

— האלבע נאכט ווען די לבנה איז פול.

הענרי האָט מעהר קיין וואָרט געזאָגט. ער איז נאָכגעריטען זיין קליינעם בעגלייטער וואָס איהם האָט געפיהרט דורך זייט וועגע־לאך ביז זיי זיינען ווידער אַראָב אין גרויסען טהאָל פון וואלד שאָהאַבאַר.

דאָ האָט הענרי ווידער געגעבען אַ קלאַפּ מיט די שפּאָרען דזאַלי'ן, און מיט פונפצעהן מינוטען שפּעטער האָט ער דער־גרייכט דעם שלאָס פון די פּרינצעסין וואו אַלע געסט האָבען גע־וואַרט.

צוויי פאַנטאַנען האָבען געשפּריצט מיט פּאַרפומירטע וואַ־סער אין רעכטען מיטען זאַל פון שלאָס שאַבאַהאַד וואו עס איז געוועזען געגרייט אַ גרויסער טיש צו מיטאָג. איין אָרקעסטער וואָס מען האָט ניט געקענט זעהן האָט געגעבען קאָנצערט, און צעהנ־דליגע שוואַרצע דינער, געקליידעט אין פּורפּור און זילבער האָבען בעדיענט די געסט מיט אַ מערקווירדיגע פּונקטליכקייט.

פּונקט ווי אין דער פריה צו פרישטיק, איז די פּרינצעסין געזע־סען צווישען לאָרד לייניאָן און סער לעאָן אַדלער.

— ענטשולדיגט מיינע העררען — האָט זי געזאָגט ווען דער מאָהלצייט איז שוין געוועזען צו ענדע — ענטשולדיגט מיין קליי־נעם פּאַריבל אויף אייך דערפאַר וואָס איהר לאָזט איבער אויף'ן טיש האַלבע גלעזער וויין. ביי מיין טיש דאַרפען אַלע גלעזער לע־ער בלייבען.

— איהר דאַרפט אָבער ניט פערגעסען, פּרינצעסין — האָט לעאָן אַדלער ערווידערט גאָר ניט געטראַכט — אַז מיר בעזי־צען ניט די קונסט צו פערוואַנדלען אונזערע העלזער אין וויין קע־לערם.

אַלע געסט האָבען זיך צולאַכט.

— סער אַדלער האָט רעכט — האָט לאָרד לייניאָן באַמערקט — אייער טיש איז קעניגליך, און איך ווינש דער פּרינצעסין, אַז איבערמאָרגען אָוועגד, שבת, זאָלט איהר די זעלבע מיינונג קענען געבען פון מיין טיש אין פּאַלאַסט פון גאָוועגאָר.

— איך האָב ערהאַלטען אייער איינלאַדונג, מיין לאָרד — האָט זי ערווידערט — אָבער עס טהוט מיר זעהר לייד וואָס איך וועל ניט קאָנען קומען. דען 8־טען סעפּטעמבער איז מיין אָוועגד

פערנומען מיט עטוואס אנדערס וואס איך קען אונבעדינגט ניט אפלייגען.

— וואס הער איך — האט לארד לייניאן אויסגערופען — ווען איהר וועט מיר ניט באהערען מיט אייער באזוך שבת אווענד, וועט דאך מיין אונטערהאלטונג בלייבען אן א קעניגען.

— איך דאנק אייך, לארד, פאר'ן קאמפלימענט, אבער איהר מעגט זיכער זיין אז צווישען אייערע געלאדענע געסט וועלען זיך נאך געפינען שעהנע דאמען וועלכע וועלען קאנען פערטרעטען מיין פלאטץ זעהר לייכט.

— וואס אנבעטרעפט שעהנקייט און חן — האט דער גא־ווערנאר איהר אונטערבראכען — קען איך נאר צוויי פריילינס וועלכע וואלטען האבען דאס רעכט אייך צו פערטרעטען. אבער ליי־דער זיינען זיי נאך צו יונג, און נאטירליך זיינען זיי נאך אונבע־קאנט מיט די ארט צו קאקעטירען אין א געזעלשאפט.

— זיי זיינען נאך יונגע הינדעלאך וואס קאנען נאך ניט די וועלט? — האט דשעלאלא געזאגט לאכענדיג און געבענדיג א חציפות'שען פינטעל מיט'ן אויג.

— יא פרינצעסין, זיי זיינען געוויסע צוויי פריילינס מיני און גריים בלום, די טעכטער פון א רוסישען קויפמאן אין בענ־גאל וועלכער איז געווים אייך גוט באקאנט. איך קען דיזע פאמי־ליע בלויז זייט פרייליין מיני בלום איז פערלאבט געווארען צו הערן הענרי אדלער.

דשעלאלא'ס גאנצער קערפער האט זיך געגעבען א טריי־סעל.

— אך! — האט זי אויסגעשריען — הענרי אדלער געהט הייראטען! אזוי גא...

— אין פופצעהן טעג ארום וועט זיין די חתונה. אויך דער אינגערער ברודער, עדווארד, געהט הייראטען מיט מיני'ס שוועס־טער, גריים.

דשעלאלא איז געבליבען ווי פערשטיינט, און האט קיין ווארט געזאגט. זי האט זיך געגעבען אין דער זעלבער צייט די גרעסטע מיה אז איהר געזיכט זאל ניט דערציילען וואס עס טהוט זיך ביי איהר אין הארצען.

— מען קען ניט זאגען — האט לארד לייניאן ווייטער פארטגעזעצט — הענרי קען אויסקלייבען א כלה, דען מיני און איהר שוועסטער זיינעןביידע געשטעמפעלט מיט א זעלטענעם רייץ וואס מען געפינט ניט צו אפט צווישען אייראפעאישע טעכטער.

— ווייסט איהר, לארד — האט זי פלוצלונג געזאגט — אז איהר מאכט מיר זעהר נייגעריג, איך וויים ניט פאר וואס, און איך וואלט זעהר גערען געוואלט וויסען אלעם וועגען דעם וואס איהר דערציילט מיר?

— איך קען אייך זעהר לייכט צופרידען שטעלען, פרינצע־סין, אבער אויף דער בעדינגונג אז איהר זאלט קומען צו מיין אונ־טערהאלטונג. ווילט איהר?

דשעלאלא האט געמאכט א רייצענדע בעוועגונג מיט איהר שפילקע וואס איז געווען ארייננעשטעקט פון הינטען אין איהרע האר און זי האט געענטפערט קאקעטיש:

— איך האב אייך פריהער געזאגט מיין לארד אז איך בין פערנומען דען 8־טען סעפטעמבער אוועגד און דאס איז ווירקליך וואהר. דאך וואס הייסט ביי מיר „פערנומען"? האט ניט א שעה־נע פרוי א רעכט צו ברעכען איהר פערשפרעכונג? איך נעהם אלזא אן אייער איינלאדונג, און איך וועל זיין אויף אייערע אונטערהאל־טונג און באל. גוט?

לארד לייניאן האט זיך פערנייגט און באדאנקט.

— איך וועל דארט זעהן די סחורה וואס הענרי האט אויס־געקליבען — האט זי געשטאמעלט צו זיך אליין.

לארד לייניאן האט אויסגעזעהן צו זיין א מאן פון א יאהר פער־ציג. זיין ווייב איז געשטארבען באלד ווי ער איז אנגעקומען אין בענגאל אויף דער גאווערנער שטעלע, א צעהן יאהר צוריק. ער איז נאך זייט דאן איין אלמן, און נאטירליך איז ער מעהר אריינ־געטאן אין פערגעניגען, זעלבסט פערשטענדליך אז ביי אונטער־האלטונגען פון לארד לייניאן לאנגווייל מען זיך ניט.

דער מאהלצייט האט זיך געענדיגט זעהר פרעהליך. מען האט געטרונקען צום וואהלזיין פון די פרינצעסין, און זי האט ווידער געטרונקען צום וואהלזיין פון גאווערנאר.

— איך דאַנק אייך אין נאָמען פון ענגלאַנד — האָט לאָרד לייניאָן געענטפערט.

די געסט האָבען אָנגעפאַנגען אַרויסגעהן אין גאַרטען רוי־בערען, דער גאוורנאר פאראויס, און דשעלאַלאַ האָט זיך אבגע־שטעלט קוקען אין שפיגעל. זי האָט אזוי אבגעוואַרט העגרי אַדלער ווען ער האָט געהאַלטען ביי אַרויסגעהן, און זי האָט צו איהם גע־זאָגט אין אַ שטילען אָבער אויך נערוועזען טאָן:

— ביטע, סער העגרי, געהט נאָך די געסט, אָבער קומט באַלד צוריק, דען איך האָב מיט אייך זעהר וויכטיגעס צו רעדען.

אייער ווילען וועט געשעהן, פּרינצעסין.

צעהנטער קאַפּיטעל

# דער שטורם אין צוויי הערצער

העגרי האָט געהאַלטען וואָרט, און ביי דער ערשטער געלעגענ־הייט האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון צווישען די געסט. ער איז באַלד צוריקגעקומען אין צימער וואו די פּרינצעסין דשעלאַלאַ האָט אויף איהם געוואַרט.

— קומט אַהער האָט זי איהם געזאָגט, איהם אַריינפיה־רענדיג אין אַ זייט צימער און פערמאַכענדיג די טיהר — קומט, איך האָב עטוואָס מיט אייך צו רעדען.

אייניגע מינוטען זיינען פאריבער, און זי האָט קיין וואָרט גע־זאָגט. העגרי האָט גאָר ניט געקענט קלוג ווערען צו וואָס די פּרינ־צעסין דאַרף איהם אַזוי נייטהיג.

— סער העגרי — האָט זי צו איהם געזאָגט — איך זעה אַז איהר זיינט זעהר איבעראַשט, און איהר ווילט געוויס וויסען וואָס איך האָב מיט אייך פאַר געשעפטען.

— איך בין פיליייכט עטוואָס יאָ איבעררואַשט — האָט ער ערווידערט — אָבער אין דער זעלבער צייט בין איך אויך העכסט צופרידען וואָס איהר צייגט מיר אַזוי פיעל ערהרע און צוטרויען.

— סער העגרי — האָט זי ווייטער פאָרטגעזעצט — ווייסט

איהר אז אייער קינפטיגע האַכציים וועט צוברעכען דאָס האַרץ פון א פרוי.

העברי איז געבליבען שטעהן און האָט איהר אַנגעקוקט, און נאָך א קורצע שטומע פּאַנטאָמימע האָט ער געפרעגט.

— מיינט איהר עס אַלס שפּאס?

איך מיין עס אין גרעסטען ערנסט.

— אַלזאָ, פּרינצעסין, איהר זאָגט אז —

— אז אייער חתונה וועט צוברעכען דאָס האַרץ פון איין אַנ־דער פרוי.

— ווי איך זעה, אַלזאָ, מאַדאַם, האָט איהר איין אירטהום און מען האָט אייך ניט ריכטיג מיטגעטהיילט. איך האָב אין ענג־לאַנד ניט איבערגעלאָזען קיין פרוי מיט וועמען איך האָב געהאַט אירגענד וועלכע ליעבעס פערבינדונג, און גאָט איז מיין עדות אז איך האָב אין ענגלאַנד צו קיין פרוי מיין פערשפּרעכונג געגעבען.

— אָבער ווארום מיינט איהר, סער העברי, אז איך רייד יעצט פון ענגלאַנד?

— פון וואַנען דען?

— דאָ אין לאַנד, אין בענגאַל, איז דאָ א דאַמע וואָס ליעבט אייך.

— איך האָב א רעכט צו צווייפלען — האָט העברי געמור־מעלט איהר אַנקוקענדיג.

— ניין, איהר האָט קיין רעכט צו צווייפלען, דען די פרוי האָט מיר אַליין געזאָגט אז זי איז פערליבט אין אייך.

זי האָט אייך אַליין געזאָגט! — האָט העברי אויסגעשריען, און עס האָט געגעבען א בליץ פאַר זיין געדענקטנים די מאַסקיר־טע אונבעקאַנטע פרוי. אָבער ער האָט באַלד געטראַכט: וואָס פאַר א פערבינדונג קען האָבען יענע אונבעקאַנטע פרוי מיט די פּרינצעסין דשעלאַלאַ?

יאָ, זי האָט מיר אַליין געזאָגט — האָט דשעלאַלאַ ווידער־האָלט — און אום אייך צו געבען א צייכען אז איך ווייס וואָס איך רייד, וועל איך אייך דערמאָנען דעם ווייסען טעמפּעל פון סיוואַ, און דעם סיגנאַל דריי מאָל אין גאַרטען, ווי די קוויטשעריי פון אַ קראָע — איהר דערמאָנט אייך שוין יעצט?

אזוי גאָר — האָט העגרי אויסגעשריען — איהר מיינט יענע פרוי וועלכע האָט מיר געצייגט אַזוי פיעל פריינדשאַפט, אָבער וועל־כע האָט מיר ניט געצייגט איהר געזיכט? איהר מיינט די פרוי וועלכע —

— יאָ, דאָס איז זי — האָט דשעלאַלאַ איהם אונטערבראָ־כען — און זי ליעבט אייך פון גאַנצען האַרצען. נאָר וואַרשיינליך. לאַכט איהר פון ליעבע.

— ענטשולדיגט מיר, איך לאַך פון קיינעם און געוויס ניט פון יענע פרוי וועלכע האָט זיך געצייגט אַזוי עדעל און גוט צו מיר. אַנשטאַט איהר צו פעראַכטען, האָב איך פאַר איהר מיין בעסטע דאַנקבאַרקייט, אָבער איך בין ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר איהרע קאַפּריזען. האָט זי זיך ניט געזאָלט פערליבען אין מיר! זי איז דאָכצעך שעהן ווי אַ געטין, און דאָך האָט זי מיין האַרץ ניט גע־קענט פאַנגען.

— ניין, סער העגרי — האָט דשעלאַלאַ ערווידערט — די פרוי האָט מיר פערזיכערט אַז איהר ליעבע צו אייך איז קיין קאַפּ־ריז, זאָנדערן ריינע, אמת׳ע הייליגע און טיעפע ליעבע! זי האָט מיר געוויזען איהר האַרץ, די אונגליקליכע, און איך קען אייך פע־זיכערען אַז איהר נייגונג צו אייך איז די זעעלע פון ליעבע! איידער זי האָט אייך געזעהן, האָט זי גערעכענט אַז זי וועט שוין ניעמאָלס ליעבען — אָבער אייער אַנטליטץ האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציאָן אין איהר האַרצען, און יעצט איז איהר זעעלע אַזוי צוריסען, אַז דיזע ליעבע האָט זיך ענדליך פערוואַנדעלט אין אַ ריזיגען שטורם פון ליידענשאַפט!

— איך בעדויער אַלזאָ פון האַרצען — האָט העגרי בעמערקט — וואָרום דער שלימזל האָט מיר צוזאַמענגעבראַכט מיט דיזע וואונדער שעהנער פרוי וועלכע איך האָב ניט ווילענדיג פעראונ־גליקט. אויב יענע פרוי ליידעט דורך מיר, ערגערט עס מיר זעהר. אָבער איך האָב גאָר קיין שולד וואָס איך קען ניט איהר אָפּצאָהלען מיט מיין ליעבע צו איהר פאַר איהר ליעבע צו מיר.

— און וואָרום קענט איהר ניט? — האָט זי געפרעגט מיט אונגעדולד.

— ווייל איך האָב נאָר איין הארץ פאר איינע, און דיזע איי־נע איז ניט יענע מאַסקירטע פרוי, זאָנדערן —

— פריילין מיני בלום, אייער כלה? — האָט זי איהם אונ־טערבראָכען.

— יאָ, מאַדאַם.

— און דיזע מאַכט אייך אַז איהר זאָלט האַסען יענע פרוי?

— איך האָס קיינעם ניט. איבעריגענס, ווי אַזוי קען איך האַ־סען אַ פרוי אָדער ליעבען אַ פרוי וועמעס געזיכט איך האָב ניעמאָלס געזעהן? די מאַסקע וואָס זי האָט געטראָגען האָט פארשטעלט פאר מיר דעם וועג פון ליעבע און פעראַכטונג.

— פערגעסט ניט, סער הענרי, אַז יענע מאַסקירטע פרוי איז שעהנער פאר די שעהנסטע. פאָעטען האָבען איהר בעזונגען, מאַלערס האָבען רייך געמאַכט זייער פּינזעלע מיט איהר, און אויך מוזיקער זיינען מעהר ווי איין מאָל געגאַנגען זוכען זייער בע־גייסטערונג אין די ליעבליכע מינע פון דיזע מאַיעסטעטישע פרוי. זי איז יונג, און קען בעצויבערען וועמען זי וויל.

— אָבער, עס איז צו שפּעט — האָט הענרי געמורמעלט — נאָר איך פערשטעה ניט ווארום האָט זי מיר ניט בעצויבערט ווען איך בין געוועזן אין איהר מאַכט? ווארום האָט זי זיך אַזוי שפּעט ארומגעזעהן?

דשעלאַלאַ איז בלאַס געוואָרען, און מיט ציטערענדע ליפּען האָט זי געזאָגט:

— איך האָב אייך נאָך ניט געזאָגט אַלעס, סער הענרי, און איהר דאַרפט אויך וויסען, אַז דער ראַנג פון דיזע פרוי איז הויך אַז איהר קענט אייך גאָר ניט פאָרשטעלען. זי שטאַמט פון אַ פאַ־מיליע וואָס זיינען געווען קעניגע פון אינדיען און הערשערס פון גאַנץ אַזיען. איהר פערמעגען איז אַזוי גרויס אַז קיינער אין בענ־גאַל האָט קיין בעגריף פון איהר ריעזען רייכטהום. זי דאַרף נאָר געבען איין סיגנאַל, קען זי צוזאַמענברייננגען אַ דריי הונדערט טוי־זענד הינדוס וואָס וואָלטען זיך אויפשטעלען געגען די ענגלישע רע־גירונג נור אויף איין וואונק פון איהר פינגער, אויף איין ריהר פון איהרע ליפּען! יעצט, סער הענרי, קענט איהר שוין אַביסעל בעסער יענע פרוי וועלכע ליעבט אייך. ווארט, נאָך אַ זאַך, צווישען דיזע

פרוי און אייך איז מפסיק אַ גרויסער תהום, דען איהר רעליגיאָן, ראַסע און ראַנג ערלויבען איהר ניט אַז זי זאָל אייך ליעבען. און דאַך, קימערט זי זיך ניט וועגען דאָס אַלעס, און זי איז פערטיג אייך צו עמפּפאַנגען אין איהרע ארימס. זי וואָלט אייך ברײנגען רייכ־טהום און מאַכט, און ווען דער הימעל וועט איהר צוריק ארויפ־זעצען אויפ'ן טראָן פון אינדיען וועט זי טהיילען די קרוין מיט אייך. וואָס זאָגט איהר יעצט, סער הענרי?

— איך האָב גאָר ניט וואָס צו זאָגען, פּרינצעסין — האָט הענרי געענטפערט — בלויז דאָס וואָס איך האָב די עהרע געהאָט אייך צו זאָגען באַלד אין אָנפאַנג, נעמליך אַז איך האָב נאָר פּלאַץ אין מיין הארץ פיר איין פרוי.

דשעלאַלאַ האָט געמאַכט איין אונגעדולדיגע בעוועגונג, און אויסגעשריען:

— דיינע ווערטער שניידען ווי מיט שווערדען! דיינע ווער־טער שניידען מיר, דיינע ווערטער שטעכען מיין זעעלע ווי מיט שפּיזען, איך ליעב דיר הענרי, און איך —

— וואָס? איהר זייט עס די פרוי! — האָט דער יונגער מאַן איהר אונטערבראָכען.

— יאַ, הענרי — האָט דשעלאַלאַ געענטפערט מיט אַ נער־וועזע שטימע — און מיין ליעבע צו דיר איז ריין ווי ענגעלם ליעבע, ניין הענרי, דו קענסט איהר ניט ליעבען, און דו טאָרסט איהר ניט ליעבען, איך מיין פריילין מיני בלום. מיר וועלען ביידע געפּי־נען פאַר איהר איין אנדער יונגען מאַן. שטויס ניט אַוועק די וואָס שטעהט יעצט פאַר דיר מיט הייסע טרערען. הענרי, הענרי! הער דאַך.

— פּרינצעסין! — האָט הענרי אויסגעשריען — אייערע טרערען טוהען מיר וועה. איך קען אייך גאָר ניט העלפען. איך קען אייך גאָר ניט העלפען. איך ליעב יעצט און אַלע מאָל נור מיני בלום.

דער יונגער מאַן האָט איהר אַ ווײלע אָנגעקוקט, און ער האָט ערוואַרטעט אַז זי זאָל ווידער אויסשיסען מיט אַ שטראָם געבעט און טרערען, אָבער ניין! דער שטורם ליידענשאַפט אין איהר האַר־צען איז פּלוצלונג שטיל געוואָרען, זי האָט זיך אָבגעווישט די טרע־

רעו און איז געבליבען זיצען א פאר מינוטען ווי ניט איהר מיינט מען עס.

— סער הענרי — האט זי געזאגט אין א נידריגע שטימע — פעצייהט מיין פרעכהייט און מיין נארישע ביטע צו אייך א ווײלע פריהער. איך ווינש אייך גליק מיט פרײלין בלום, און איך בעט פון אייך איין קליינע געפעליגקייט, נעמליך: עס זאל בלייבען א געהיימניס אלעס וואס מיר האבען דיזע ווײלע גערעדט. איך פער־לאנג עס פון אייך, ווייל איך וויים אז איהר זיינט איין עהרען מאן, איהר זאלט מיטנעהמען דיזע געהיימניס אין קבר.

— איך גיב אייך מיין עהרען ווארט, פרינצעסין.

— איך דאנק אייך. הייראטעט מיט פרײלין מיני בלום איך האב געהאט די שוואכקייט צו ליעבען, יעצט וועל איך האבען די שטארקייט צו לעבען און צו ליידען.

— יא, צו לעבען אום ראכע צו נעהמען — האט זי געזאגט צו זיך אליין אונטער די ציין.

אין דער צייט ווען דשעלאלא האט גערייכט איהר האנד צו הענרי אדלער, איהם פערזיכערנדיג אז זי וועט אלעס פערגעסען, האט אימיצער געקלאפט אן א זייט טיהר דריי מאל גאנץ לאנגזאם. זי האט געהייסען אריינקומען, און דאס געזיכט פון סאגאר האט זיך בעוויזען.

ווי דער אינדיאנער האט דערזעהן דעם יונגען ענגלענדער, האט ער געוואלט זיך צוריקציהען. אבער דשעלאלא האט איהם געגעבען א וואונק אז עס מאכט ניט און זי האט באמערקט:

— ער ווייסט שוין אלעס.

הענרי האט א ווײלע אנגעקוקט דעם גרויסען אינדיאנער, און ער האט גוט נאכגעקלעהרט וואס עס קען בעדייטען זיין יעצטיגע שליחות. אבער זיינע געדאנקען זיינען איבערגעהאקט געווארען דורך דעם פאלגענדען געשפרעך צווישען דער פרינצעסין און איהר גרוי־סען דיענער. דיזער געשפרעך איז געהאלטען געווארען אין א שפראך וואס ער, הענרי, האט נאטירליך ניט איין ווארט פארשטאנען. ער האט נאר געזעהן אז סאגאר האט איהר דערלאנגט אייניגע לאטוס בלומען.

— אך די לאָטוס בלומען! — האָט זי אויסגעשריען — די בלומען פון בייזען גאָט סיוואַ. ווער ווייסט וואָס פאַר א טראַגישער סיגנאַל זיי ברייגנגען מיר!

— איך זעה פיער בלומען — האָט זי געזאָגט צו סאָגאַר.

— יא פרינצעסין, פיער עסטאפעטען ווארטען אויף אייך.

— ווען זיינען זיי געקומען?

— יעצט.

— האָט זיי קיינער געזעהן?

— קיינער פון די ווייסע געסט.

— גוט, סאָגאַר, הייס זיי ווארטען א ווייל'ע.

ביי דיזע ווערטער האָט זיך דער גרויסער אינדיאַנער צוריקגעצויגען, אין דער זעלבער צייט ווען העגרי האָט אבשיעד גענומען און איז ארוים אין גארטען צו די פערזאַמעלטע געסט וועלכע האָבען זיך אונטערהאַלטען אונטערען בלויען הימעל. אויף'ן גרינעם קארפעט פון נאַטור.

אין א צוויי שטונדען ארום האָט לאָרד לייניאָן זיך געווענדעט צו דשעלאַלאַ מיט דיזע ווערטער:

— אַלזאָ, פרינצעסין. יעדער אָנפאַנג האָט איין ענד, און עס איז געקומען די צייט אייך צו באַדאנקען אין נאָמען פון אַלע געסט פאַר די קיניגליכע פערגעניגען וואָס איהר האָט אונז אַלעמען פאַרשאפט, און פאַר די פריינדשאפט וואָס איהר האָט אונז געצייגט אין אייער שלאָס, ווי אויך אין אייער גארטען און אין וואַלד.

— שוין? — האָט דשעלאַלאַ אויסגעשריען — איהר ווילט יעצט אָפּהאַקען מיין אונטערהאַלטונג?

— יא,מיר מוזען צוריקקעהרען אין בענגאַל פאַר האַלבע נאכט, און ערלויבט מיר פרינצעסין, אייך צו דערמאַנען אייער פערשפּרעכונג: איבערמאָרגען וועט איהר זיין די קיניגען אויף מיין באַל אין מיין פאַלאַסט.

— איך וועל געוויס מיין פערשפרעכונג ערפילען — האָט זי געענטפערט.

— און איהר זאָלט ניט פערגעסען — האָט זי זיך געווענדעט צו העגרי אַדלער — אז איהר דאַרפט מיר פאָרשטעלען פאַר אייער שעהנע כלה פריילין בלום ביי דעם גאָווערנאָר אויף'ן באַל.

— פרינצעסין! עס וועט זיין פאר מיר א גרויסע עהרע.

ווען די געסט האבען פערלאזען דעם גארטען און זי איז אליין געבליבען, האט זי זיך א ווײלע פערטיפט אין איהרע געדאנקען. זי האט אראפגעווארפען איהר שטייפען אייראפעאישען יאק, האט זיך איינגעוויקעלט אין א ראזע זיידענע בלויע נאכן אריענטאלישען געשמאק, זי האט זיך געשטעלט געגען שפיגעל און גערעדט צו זיך אליין מיט א זאנדערבארע אויפרעגונג.

— וואס קימערט מיך ווי גרויס עס איז מיין בעליידיגונג? — האט זי געדאנערט — מיין נקמה וועט זיין נאך גרעסער! דריי מאל פערשאלטען איז דער יעניגער וועלכער קוקט אויף מיר קרום און וואגט צו טרעטען אויף מיין עהרע, אויף מיין שטאלץ! ענטוועדער אדער! ענטוועדער איך וועל אפווישען מיין פלעק, אדער...איך — נאר וואס זאג איך „אדער"? ניטא קיין „אדער"! עס גיבט פאר מיר קיין אנדער וועג ווי ראכע! אה איהר פערפלוכטע אייראפעער! אהא, איהר ענגלישע שלאנגען! ניט גענוג וואס איהר טרעט אויף אונזערע לאנד, זוכט איהר נאך צו טראמפלען אויף אונזערע הערצער! אה ניין! טויזענד מאל ניין! אינדיען קען מעהר ניט טראגען דעם יאך פון די אונפעשעהמטע ענגלענדער וועלכע קומען צו אונז מיט דער ביבעל אונטערען ארים און מיט דער שווערד אין האנד! די צייט איז געקומען אז אינדיען, די שטאלצע לאנד פון מיינע עלטערען, וואו יעדער שטיין האט א היסטאריע, און יעדעם בערגעל א ביאגראפיע, די שטאלצע אינדיען זאל ענדליך צורייסען די קייטען, און ענגלאנד'ס נעדעכטנים זאל אפגעמעקט ווערען אין גאנצען לאנד! ראכע פאר די, וועלכע פערשוועכען אונזער ערד, און ראכע פאר די וואס לעסטערען אונזער ליעבע!

---

עלפטער קאַפּיטעל

# די בלוטיגע פאַרשווערונג

ווי דשעלאַלאַ האָט געענדיגט דיזע ווערטער, האָט זי אָנגעקלונ־גען אַ גלעקעל און סאַגאַר האָט זיך ווידער בעוויזען.

— האָבען שוין אַלע ענגלישע געסט אָבגערייזט? — האָט זי געפרעגט.

— יאַ, פּרינצעסין.

— פון וואַנען קומען אונזערע ברודער די דעלעגאַטען וועלכע האָבען מיר אַ ווייַלע פריהער אַריינגעשיקט דורך דיר די לאָטוס בלומען?

— זיי זיינען פיער דעלעגאַטען און זיי קומען צו אייך, פּרינ־צעסין, פון מזרח, פון מערב, פון צפון און דרום.

— ווי הייסען זיי, און ווי זעהן זיי אויס?

— זייערע נעמען ווייס איך ניט, און זייערע געזיכטען זיינען מאַסקירט. זיי זאָגען אַז נאָר פאַר אייך קאָנען זיי ענפּלעקען זייערע געזיכטען. זאָל איך זיי אַריינברייגגען?

— יאַ, סאַגאַר, איך בין פערטיג זיי צו עמפּפאַנגען.

די טיהר האָט זיך געעפענט, און סאַגאַר האָט אַריינגעבראַכט פיער מאַסקירטע הינדוסען וועלכע האָבען זיך דריי מאָל שטאַרק פערנייגט פאַר די פּרינצעסין.

דשעלאַלאַ האָט זיי געוואונשען אַ פריינדליכען „אַהאַלאַן וסאַה־לאַן” (ברוך הבא) און האָט געזאָגט מיט איין ערנסט שטימע דיזע געבעט:

— די דעלעגאַטען פון גאָט, די שלוחים פון בודהאַ און פון אונ־זער פאַטער לאַנד שטעהען יעצט פאַר די קיניגין פון די הינדוס. איך בעט דיר, גרויסער גאָט ווישנו, זאָלסט זיי בעשיצען פון פיינד, זאָל קיין פרעמדער אויער הערען זייער געהיימנים. זאָלען זיי אַראָפּ־נעמען זייערע מאַסקעס און זאָל זייער פּאַטריאָטישע עהרליכקייט זיין זייער פּאַנצער אימער און אייביג.

די פיער אונבעקאַנטע האָבען געלאָזט פאַלען זייערע מאַסקעס.

— זייט מיר ווידער געגריסט, פריינדע! האָט זי אויסגעשריען, זיי דערקענענדיג.

— אונזער געהיימניס איז אין געפאהר — האָט איינער פון די פיער געזאָגט.

— אין געפאהר דורך וועמען? — האָט דשעלאַלאַ געפרעגט מיט איבערראַשונג.

— דורך איין ענגלענדער.

— ווער איז ער?

— לעאָן אַדלער, דער אַל קאַיד (סיטי מעיר) פון בענגאַל.

— ער איז דאָך אַ איד, און לויט ווי מען זאָגט, אויך קיין גע־באָרענער ענגלענדער, ווי קומט ער צו זיין אונזער פערביסענער געגנער? — האָט איין אַנדערער זיך אַריינגעמישט.

— די אורזאַכע ווייסען מיר אויך ניט — האָט איין דריטער איבערגעשלאָגען — אַלעס וואָס מיר ווייסען בעשטימט איז אַז ער האָט געשוואָרען צו ענטדעקען די געהיימניס פון אונזער בונד געגען ענגלאַנד, און פערניכטען צום גרונד די פּלענער פון אונזער רעוואָ־לוציאָן.

— אָבער, ווי קען ער עס אויסגעפינען? — האָט דשעלאַלאַ געפרעגט.

— ער האָט שוין פיעל אויסגעפונען.

— וואָס ווייסט ער?

— פרעגט בעסער, פּרינצעסין, וואָס ער ווייסט ניט?

— אָבער, ווי אַזוי?

— דורך די פאַלשקייט פון אונזערע אייגענע ברידער וועלכע זיינען אין דערזעלבער צייט ענגלישע שפּיאָנען אום אונז צו פער־ראַטען. אַ גליק וואָס ער ווייסט נאָך ניט די נעמען און קען ניט די געזיכטען פון אונזערע העלדישע ברידער. נאָר, ווער קען אונז גאַ־ראַנטירען אַז ער וועט ניט מאָרגען אַלעס וויסען?

דשעלאַלאַ איז ארויס פון געדולד און זי האָט אויסגעשריען.

— וואָס! ענגלאַנד וועט זיעגען איבער אונז נאָך אַמאָל און עס איז שוין גאָרניט באַשערט אינדיען זיך אָבצושאָקלען פון ענגלאַנד'ס טיראַנישע מאַכט? אָה, ניין! איך שווער עס ביי די שטילע מצבות פון אונזערע הייליגע קברים! איך שווער ביי די אַש פון אונזערע

גרויסע לייט וועלכע שלאָפען יעצט אין שוים פון בודהאַ אַז דאָס וועט ניט געשעהן.

— יעצט אַז איהר ווייסט שוין פון אונזער געפאהר — האָט איין אַנדער דעלעגאַט בעמערקט — יעצט זאָגט אונז וואָס מיר האָבען צו טאָן:

דשעלאַלאַ איז אַ ווייַלע שטיל געוואָרען, האָט געגעבען אַ טיפען זיפץ און האָט געזאָגט אין אַ דראַמאַטישען טאָן:

— וואָס וואָלט איהר געטאָן אין אַזאַ פאַל, פריינדע?

— דער טויט! — האָט דער ערשטער דעלעגאַט אַרויסגעזאָגט מיט צאָרן — דאָס לעבען פון דיזען מאַן האָרף זיין אַ ווייַלע אין אונזערע הענד.

— יאָ, דיזער יודע מוז שטאַרבען זאָ שנעל ווי מעגליך.

— ווען? — האָט דשעלאַלאַ געפרעגט.

— מאָרגען נאַכט.

— וואו זאָל דאָס געשעהן?

— אין דעם שטילען טהאָל, דאָרט אויף'ן בית עולם פון די עלעפאַנטען, פאַר די סטאַטיו פון גאָט סיוואַ.

— דאָס זאָל געשעהן ווי איהר זאָגט — האָט דשעלאַלאַ איינגעשטימט

— לעאָן אַדלער! — האָט זי געמורמעלט צו זיך אַליין — דער פאָטער פון הענרי...

זי האָט אָנגעקלונקען אַ גלעקעל, און סאַגאַר האָט זיך בעוויזען.

דער גרויסער אינדיאַנער האָט זיך פערנייגט און געוואַרט.

— קענסטו לעאָן אַדלער? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך קען איהם.

— ווייסטו וואו ער וואָהנט?

— איך ווייס.

— ברייננ איהם מאָרגען געבונדען היער.

— אייער ווילען זאָל געשעהן.

— דו דאַרפסט געווים הילף, נאָך אייניגע וואָס זאָלען דיר בעגלייטען.

— איך וועל זיי האָבען.

— אָבער, דאָס איז ניט אַלעס — האָט דשעלאַלאַ ווייטער גע־

זאָגט — איך וויל ניט אַז אַלע אין אַדלער׳ס רעזידענץ זאָלען עס וויסען. די זאַך מוז צוגעהן זעהר געהיים ווי ווייט עס איז נאָר מעג־ליך. איהר זאָלט אויך מיטברייינגען אַלע פּאַפּירען וואָס איהר וועט דאָרט געפינען.

— גוט, דעם נפש מיט די דאָקומענטען.

די פיער רעוואָלוציאָנערען האָבען צוריק אַרויפגעצויגען זייערע מאַסקעס, און איידער זיי האָבען געגומען אַבשיעד, האָט דשעלאַלאַ צו זיי געזאָגט:

— יעצט געהט אין פריעדען, איהר דעלעגאַטען פון גאָט ווישנו! געהט און טהיילט גוטע בשורות צו אונזערע ברידער די פּאַטרי־אָטען וועלכע זוכען אָבצופרישען דעם גלאַנץ פון אינדיען׳ס קרוין. מאָרגען פּונקט האַלבע נאַכט זאָלט איהר אייך געפינען אויף׳ן בית עולם פון די עלעפאַנטען און איהר וועט זעהן ווי אייער קעניגין ראַמט אָפּ דערנער פון אונזער פאָטערלאַנד.

לעאָן אַדלער! — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין ווען די דעלע־גאַטען זיינען שוין געווען אַרויס — לעאָן אַדלער... מאָרגען נאַכט... אַהא!! מאָרגען נאַכט פאַנגט זיך אָן מיין ראַכע, די ראַכע וואָס וועט אָפּווישען מיין בעליידיגונג!

צוועלפטער קאַפּיטעל

## די טראַגעדיע אין האַלבע נאַכט

מיט 24 שטונדען שפּעטער האָט זיך דער בית עולם פון די עלעפאַנטען פערוואַנדעלט אין אַ מערקווירדיגע סצענע. פאַר דער סטאַטיו פון גאָט סיוואַ איז געשטאַנען אַ הויכע פיגור איינגעהילעט אין רויטען, און אין האַנד האָט זי געהאַלטען אַ גרויסען שיסעל פון וואַנען עס איז געגאַנגען אַ פלאַם.

דיזע פערהילעטע און פערשלאָסענע פיגור איז געווען קיין אַנ־דערע ווי די הייליגע ד ש ו ב י, די פרומע פריעסטין, אַ מין ווייבלי־כער כהן גדול, אַ פּאַפּסט אין אַ פאַרטוך וועלכע האָט געהאַט צו זאָגען איבער אַלע צערעמאָניעס אין טעמפּעל פון סיוואַ. אַרום איהר זיינען געשטאַנען פיעל הינדוסען אויף דער קניע.

נאכדעם ווי דשובי האָט אָבגעזאָגט אַ געבעט, האָבען זיך די הינדוס געשטעלט אויף די פיס.

דשובי האָט ארויסגענומען פון אַ זילבערנעם קעסטעלע וואָס איז נאָכגעהאנגען איהר גארטעל, עפּעס אַ מין גראָז, האָט עס ארויפ־געוואָרפען אויף'ן שיסעל פייער, און די רויטע פלאַם האָט זיך אויפ־געהויבען אַזוי הויך אַז עס האָט בעלויכטעט רונד און ארום דעם בית עולם פון די עלעפאנטען.

די הינדוסען זיינען געפאלען מיט די פּנים'ער צו דער ערד פּונקט ווי גאָט אַליין וואָלט זיך בעוויזען אין פלאַם.

דשובי האָט געגעבען אַ שמייכעל וואָס האָט אויסגעדריקט איהר פעראַכטונג צו די לייכט גלויביגע הינדוסען, פּונקט ווי זי וואָלט געזאָגט „איך האָב זיי ווידער אָנגעפּייפט, די חמורים".

דשובי איז אַלט געווען אַ יאָהר 40. זעהר הויך אָבער אויך זעהר ברייט לויט פּראָפּאָרציאָן פון איהר הויך. אויף איהרע שולטערען איז געווען איינגעפלאָכטן אַ גרויסער קאָפּ מיט אַ גרויסע רונדע געזיכט. ווען זי האָט איינגעוויקעלט איהר גרויסע פיגור אין די רויטע זיי־דענע הילע, מיט די פלאַמען אין האַנד אין דעם שטילען טהאָל פון עלעפאַנטישען בית עולם, האָט זי ווירקליך אויסגעזעהן ווי אַ געטין.

מיט איין האנד האָט זי אויפגעהויבען די שיסעל פלאַמען אי־בערן קאָפּ, און מיט דער אנדערע האנד האָט זי איבער איהר קאָפּ געמאכט געוויסע פיגורען אום מעהר צו פערבלענדען די הינדוס, און נאָך אַ קורצע שטילע פּאַנטאָמימע, האָט זי געזאָגט:

— איהר זיינט די יעניגע וועלכע איך ערוואַרט אויף דיזען הייליגען אָרט. דער גאָט איז צופרידען מיט אייך. יעצט געהט! מיט די שווערדען אין האַנד בעהאַלט אייך צווישען די בוימער פון יענער זייט טהאָל. איהר זאָלט נאָר ערלויבען אונזערע ברידער אַריינצו־קומען, ווען זיי גיבען אייך דעם ריכטיגען סיגנאַל, אָבער איהר זאָלט טייטען אונערבאַרימלעך די יעניגע וואָס ווייסען ניט דעם צייכען. דער סיגנאַל איז אַזוי: ווען איהר וועט אויסשרייען „סיוואַ" מוזען זיי אייך ענטפערען „דשעלאַלאַ".

די הינדוס האָבען געפאָלגט דעם באַפעהל און זיינען פער־שוואונדען. טשובי איז געבליבען אַליין, האָט פערשטאַרקט דאָס פייער און זי האָט געוואַרט.

פלוצלונג האָט זי דערהערט פון דערווייטען אַ קלעגליכען גע־זאַנג פון אייניגע שטימען מיט אַמאָל.

— דאָס זיינען זיי — האָט זי געמורמעלט.

די זינגעריי האָט זיך פערגרעסערט ווען די זינגערס זיינען אַלץ געקומען נעהנטער, און אין אייניגע מינוטען ארום האָבען זיך בע־וויזען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע מענער, ארויסקומענדיג פון צווישען די פעלזען, און זיי האָבען זיך ארומגעשטעלט רונד אַרום דעם גאָט ווי אַ רינג.

אָבער, באַלד האָט זיך דער רינג געעפענט און פינף פערזאָן האָ־בען זיך בעוויזען. אַלע האָבען זיך פאַר זיי געקניעט. דיזע פינף פער־זאָן זיינען געווען קיינע אנדערע ווי די פּרינצעסין דשעלאַלאַ מיט די פיער דעלעגאַטען וועלכע האָבען זיך אַלע פערנייגט פאַר דשובי. הינטער זיי זיינען נאָכגעקומען צוויי גרויסע הינדוס וועלכע האָבען געטראָגען אויף זייערע שולטערען אַ גרויסען קאָרב בעדעקט מיט אַ שוואַרצע הילע. זיי האָבען דעם קאָרב אראָפּגעלאָזען נעבען דעם גאָט. דשובי האָט געגעבען אַ וואונק אַלע זאָלען שווייגען, און זי האָט געזאָגט:

— ליעבע זיהן פון אינדיען, קינדער פון גאָט סיוואַ! איהר זייט יעצט אין טהאָל פון געהיימנים, און דער גאָט וואָס הייסט אונז האַסען און ראַכע נעהמען איז יעצט מיט אונז. ער הערט אייך יעצט. זינגט פאַר איהם אַ לויב און דאַנקט איהם פאר זיין גענאַד.

זיי זיינען אַלע ארוים מיט אַ געזאַנג און ווען זיי האָבען גע־ענדיגט זייער הימן, האָט דשובי, ווייטער גערעדט.

— וואָס איז אין דיזען קאָרב? — האָט זי געפרעגט.

— דער נביא פון סיוואַ — האָט איינער געענטפערט.

די הייליגע פרוי האָט געוואַרט אויף אַ סיגנאַל פון דשעלאַלאַ, ווען זי האָט ארויסגענומען דעם פאַרצעלייענעם נביא, אַ מין אינ־דיאַנישער אורים ותומים און זי האָט עס געדרעהט אַהין און אַהער. פּלוצלינג האָט זי אויסגעשריען:

— הערט אוים ברידער! מיר האָבען אַ גרויסען שונא געפאַנ־גען. סיוואַ האָט איהם אין אונזערע הענד געבראַכט.

אין זעלבען אויגענבליק האָט זיך בעוויזען סאַגאַר און האָט זיך געבויגען פאַר די פּרינצעסין.

— האסט איהם געפאקט? — האט זי געפרעגט איהר גרויסען הינדו־דיענער.

— יא.

— האסט איהם געבראכט אהער?

— איך האב איהם.

— געה, סאגאר, ברייננ איהם פאר אונז.

— דשעלאלא האט אויפגעשטיגען איינינע טרעפ פון די סטאטיו פון סיווא, מען זאל איהר בעסער קענען הערען, און זי האט אויסגעשריען:

— טהייערסטע ברידער, פאטריאטען פון אונזער לאנד, אינדיען! ווייסט איהר ווארום איך האב אייך פערזאמעלט היינטיגע נאכט אויף דיזען פלאטץ? איך וויל אייך ווייזען אונזערען א פיינד — א געפאנגענעם פיינד! איהר וועט באלד זעהן מיט אייערע אויגען די שרעקליכע גערעכטיגקייט פון אונזערע געטער.

ווי דשעלאלא האט אזוי גערעדט, האט זיך געהערט טריט פון א פערד פון ווייטען. סאגאר האט געפיהרט דאס פערד דורך דעם המון הינדוס, און — שרעקליך! אויף'ן זאטיל איז געזעסען א מענשליכע פארמע.

דיזע מענשליכע פארמע איז געוועזען סער לעאן אדלער, פעסט געבונדען צום זאטיל, די הענד זיינען געבליבען שטעהן ווי פערגלווערט.

— מען זאל איהם לויז מאכען די הענד און די אויגען! — האט דשעלאלא געזאגט מיט שטאלץ —

דאס איז באלד געשעהן, און מען האט דעם געפאנגענעם רייטער אראפגענומען פון פערד.

— ווער האט מיר אהער געבראכט? — האט ער געפרעגט מיט איין ערנסטע שטימע — ווער זיינען דיזע מענשען וועלכע רינגלען מיר ארום, וואס ווילען זיי פון מיר, און וואו בין איך דא?

דשעלאלא איז צוגעגאנגען צו איהם איינינע טריט.

— איך וועל דיר ענטפערען, לעאן אדלער, אויף דיינע פראגען — האט זי געזאגט.

— איהר זיינט דאך פרינצעסין דשעלאלא! — האט אדלער אויסגעשריען ווי ער האט דערקאנט איהר שטימע.

— יאָ, איך בין עס.

— אויב אַזוי האָב איך דאָך ניט וואָס מורא צו האָבן — האָט דער געפאַנגענער איהר אונטערבראָכען —איך בין אַהער גע־בראַכט געוואָרען געווים דורך איין אירטהום. אָבער, קענט איהר מיר ניט זאָגען, נאָך אַלעמען, האָכגעשעצטע פּרינצעסין, וואָרום אַ באַנדע רויבער זיינען מיט דריי שטונדע צוריק בעפאַלען מיין פרידליכע וואָהנונג, האָבען מיר צוגעבונדען צו אַ פערד און מיר געבראַכט אַהער?

— איהר וועט זעהר איבעראַשט ווערען, סער אַדלער, ווען איך וועל אייך זאָגען די וואהרהייט — האָט זי ערווידערט — אַז אַלעס וואָס איז מיט אייך געשעהן איז דורך מיין באַפעהל.

— אייער באַפעהל! וואָרום קומט דאָס מיר? בין איך ניט געסטערן געזעסען ביי אייער טיש? האָט איהר מיר ניט גערופען „פריינד“?

— וואָרום אייך קומט דיזע שטראָף? איך וועל אייך זאָגען: זינט איהר זיינט געקומען אין בענגאַל האָט איהר נאָר געזוכט דורכ־זעצען איין זאַך.

— וואָס? —

— איהר האָט נאָר געזוכט צו דערגעהן אַ געהיימניס. און יע־דען טאָג האָט איהר עפּעס אַנדערס אויסגעפונען. אָבער, איהר האָט אייך געיאָגט נאָך אַ שאָטען, און דיזער שאָטען איז פון אייך ענט־לאָפען יעצט, אַז מיר האָבען אייך אין אונזערע הענד. אפשר ניט אמת?

— יאָ, אמת.

— אַלזאָ — האָט דשעלאַלאַ ווייטער גערעדט — מיר, די קינדער פון אינדיען, מיר, וועלכע האָבען געשוואָרען אָבצומעקען פון אינדיען׳ס שטויב די טריט פון לעצטען ענגלענדער, אָט מיר די געטצען דיענער, די אַנאַרכיסטען, ווי ענגלאַנד רופט אונז, מיר זיינען דאָס די שונאים וועלכע איהר האָט געזוכט אומזיסט. איהר האָט אָבער ניט בעגליקט.

לעאָן אַדלער איז געבליבען פערשטיינערט.

— איך דאַנק אייך, מאַדאַם — האָט ער געזאָגט פּאַסענדיג פלוצלינג מוטה — יעצט ווייס איך שוין און וועל עס געדיינקען.

— חא, חא, חא, חא! — האָט זי זיך צולאַכט — אום צו גע־דיינקען, מוז מען צוערשט לעבען, און אייער מינוטען זיינען גע־ציילט.

— מעהר ווי איין מאָל שטאַרבט מען ניט, מאַדאַם, און איך פערזיכער אייך אַז גערעכטיגקייט וועט ענדליך זיעגען.

— געה דו נאַר — האָט זי געשטורימט לאַכענדיג — דו רעדסט פון גערעכטיגקייט יעצט, ווען דו שטעהסט מיט איין פוס אויף'ן שוועל פון קבר.

— אויב עס וועט ניט קאָנען זיין מיין גערעכטיגקייט, וועט דאָס זיין די גערעכטיגקייט פון גאָט.

— וואָס פלוידערסטו? — האָט זי ווייטער געברומט — אונ־זער גאָט האָט בעפאָהלען דיין טויט.

— זאָגט ניט מאַדאַם „אונזער גאָט", זאָגט בעסער „אונזערער אַ גאָט„; איבריגענס, טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט.

— אַזוי גאָר, סער אַדלער! איהר גיבט מיר די ערלויבעניש צו טאָן מיט אייך וואָס איך וויל! איך דאַנק אייך פאַר אייער איי־דעלקייט. דען וואָס טהו איך ווען איהר ווילט מיר ניט ערלויבען?

לעאָן אַדלער האָט איהר קיין ענטפער געגעבען.

— ווען איהר וואָלט געווען אַ געבאָרענער ענגלענדער — האָט זי ווייטער געדונערט — וואָלט איך אפשר קיין רעכט געהאַט צו זוכען אין אייך אַזויפיעל ראַכע, דען איהר וואָלט אייך געקענט בע־האַלטען אונטער אייער פאַטריאָטישען מאַנטעל. ענגלאַנד האָט צוגע־נומען אינדיען מיטן שווערד, און זי וויל עס ניט אָבגעבען, און איהר זייט פיעל ווייניג געצוואונגען צו העלפען אייער פאַטערלאַנד. איהר זייט דאָך אָבער ק י י ן ענגלענדער, זאָנדערן אַ יודע פון דייטשלאַנד, וועלכער האָט זיך בעזעצט מיט אַ פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק אין לאָנדאָן, און איהר האָט בעדאַרפט געבען אייער סימפּאַטיע צום שוואַכען הינדו, אַנשטאַט צו העלפען דעם מעכטיגען ענגלענדער.

— ענטשולדיגט, מאַדאַם, איך האָב נאָר געוואָלט העלפען די בירגער פון בענגאַל, ענגלענדער און הינדוס צו גלייך, צו פערהיטען אונזער שעהנעס לאַנד פון אַ רעוואָלוציאָן, פון טייכען בלוט, און איך האָב געדאַכט: בעסער זאָלען פערלאָרען געהן צוואַנציג רעוואָלו־

ציאַנערען, איידער טויזענטע אונשולדיגע מענשען זאָלען זיך באָדען אין בלוט.

— אוועק מיט אייער פילאָזאָפיע! —האָט זי איהם אַ שטויס געגעבען — מיינט איהר אַז איהר רעדט יעצט צו אַ ווילדע אינדי־אַנערקע? ווייסט איהר ניט אַז איך האָב געגאַסען מיין ערציהונג אין לאָנדאָן און פּאַריז? ווייסט איהר ניט אַז איך בין בעקאַנט מיט איי־ערע אידישע היסטאָריע אַזוי גוט ווי מיט אונזערע? ווייס איך דען ניט אַז איהר אידען זייט אימער דאָ אויף'ן פּלאַטץ זיך צו בוקען פאַרן שטאַרקען, און טראַמפּלען אויף'ן שוואַכען, אַז איהר זייט אימער פערטיק צו העלפען דעם אונטערדריקער געגען דעם אונטער־דריקטען?

— דאָס איז ניט וואהר, מאַדאַם, מיר זיינען אימער מיט'ן שוואַכען.

— עס איז אַ געמיינער ליגען, לעאָן אַדלער! ווייסט איהר ניט ווער עס האָט אַרויפגעזעצט די קרוין פון אינדיען אויף'ן קאָפּ פון וויקטאָריע די לענדער גנב'טע? אַ איד, לאָרד ביקאָנספיעלד דיזראַ־עלי! ער האָט אַלס ערשטער מיניסטער פערוואַנדעלט פיעלע פון אונ־זערע שטעדט אין מענשען יאַטקעס! און וואָס האָט געטאָן דער פראַנצויזישער איד קרעמיוי ווען ער איז געווען מיניסטער פון גע־רעכטיגקייט? ער האָט כמעט אויסגעראָטען מעהר ווי העלפט אַראַבער פון אַלדשיר, און האָט פון זיי בערויבט דאָס לעצטע רעכט צו —

— עס איז ניט וואהר, מאַדאַם, און איך וויים ניט פון וועלכע קוועלע איהר שעפּט אייער היסטאָריע. אַלס מיניסטאָרען, האָבען ביקאָנספיעלד און קרעמיוי געמוזט טאָן דאָס בעסטע פאַר זייערע רעגירונגען, און זיי וואָלטען געווען געמיינע פעררעטהער ווען זיי וואָלטען אַנדערש געהאַנדעלט.

— ווען דערציילט איהר, היפּאָקריט! — האָט דשעלאַלאַ פאָרטגעזעצט מיט אַ ווילדען צאָרן — איהר אידען סימפּאַטיזירט מיט'ן שוואַכען נור דאַן זאָלאַנג איהר זיינט אַליין, אונטערדריקט. אָבער, ווי נור איהר קריכט אַרויס פון זומפּ צרות און איהר דער־הייבט אייך, דאַן זיינט איהר די גרעסטע טיראַנען פון דער וועלט אָבי צו דערשטיקען די שטימע פון גערעכטיגקייט. נאָך מעהר, איהר

שעהמט אייך באלד מיט אייערע אייגענע ברידער. אפשר ניט אמת? אייערע גרעסטע לייט זיינען דאך ענטלאָפען פון יודישען לאגער. דער זעלבער לאָרד ביקאנספיעלד האָט זיך געטויפט פאר א קריסט. אייער גרעסטער דיכטער, היינריך היינע, האָט זיך געטויפט, דער בעריהמטער שריפשטעלער בערנע האָט זיך געטויפט: דער וועלט בעריהמטער מוזיק קאָמפּאָזיטאָר מענדעלסזאהן בארטהאָלדי האָט זיך געטויפט, אייער אנטאָן רובינשטיין איז געטויפט, אייער גרויסע טראַגעדיסטען סאראה בערנהארד איז געטויפט, און נאָך, און נאָך. ווייסט איהר ווארום? ווייל ווי נאָר זיי זיינען דערהויבען געווארען פון גהעטאָ, האָבען זיי זיך ארויסגעריסען פון זייערע שוואַכע ברידער און זיינען געלאָפען דורך א הינטער טיהר צום לאגער פון שטאַרקען.

— אוועק מיט דיינע מוסר! דו נידריגע באשעפעניש — האָט אדלער אויסגעשריען.

ער האָט אָבער קיין צייט געהאָט צו ענדיגען זיינע ווערטער. דען צוויי הינדוס, אויף א וואונק פון דשעלאַלאַ, האָבען איהם א שלעפּ געטאָן. איינער האָט געהאַלטען אין האנד א שפּיז, און דער אנדערער א מעסער.

— איהר זייט העלדען געגען א מאָן וואָס האָט קיין געוועהר — האָט ער געמורמעלט, און האָט פּרובירט זיך ראַנגלען מיט זיי.

— די צייט פערגעהט — האָט דשעלאַלאַ געזאָגט — זאָל ער שוין בעצאהלען מיט זיין לעבען.

א הינדו איז צוגעגאַנגען און האָט אריינגעשטאָכען זיין מעסער לעאָן אדלער און ער איז געפאַלען אויף די גראָז אין א טייך בלוט.

יעצט, סאַגאָר — האָט דשעלאַלאַ זיך געווענדעט צום גרויסען אינדיאַנער — נעהם ארויס זיינע פּאַפּירען.

— איך האָב עס אויף'ן זאָטיל, און איך געה ברייגגען די דאָקומענטען וואָס איך האָב מיטגענומען.

— מיר זאָלען פארברענען דיזע פּאַפּירען נעבען זיין טויטען קערפּער — האָט דשעלאַלאַ געהייסען — אָבער, איידער מיר פערברענען עס, וועל איך זיי פאַרלעזען.

זי האָט באלד געלעזען מיט א לויטע שטימע דיזע צייליען:

„א מעכטיגע און שרעקליכע באנדע רעוואלוציאָנערען האָ-

בען געשוואָרען צו פערניכטען די ענגלישע מאכט אין בענגאל,
און מיר מוזען זוכען די אגיטאַטאָרם אָרום טעמפעל פון סיוואַ".
ברידער הינדוס! — האָט זי אויסגעשריען ווען זי האָט גע־
ענדיגט לעזען דעם דאָקומענט אין גאַנצען — שווערט ביי דיזע אַש
און ביי דעם טויטען קערפער צו פערניכטען די ענגלישע מאכט אין
אינדיען.

— מיר שווערען! — האָבען אַלע געענטפערט אין כאָר.

— גוט — האָט דשעלאַלא ערווידערט — אייער שבועה איז
אַנגעקומען און געדענקט וואָס־ איהר האָט צו טאָן. יעצט פער
שווינדעט.

דרייצעהנטער קאַפּיטעל

## טרויער מאַרש פון אַ קרעכץ

אַ שטילע פינסטערקייט האָט איינגעוויקעלט דעם בית עולם פון די עלעפאַנטען, אז אויף'ן גאַנצע טהאָל איז געלעגען עפּעס אַ שרעקליכע אימה וואָס האָט אָבער ניט לאַנג אַנגעהאַלטען, דען עס האָט זיך פּלוצלינג געהערט טריט.

די נאַכט וואַנדערער זיינען געוועזען קיינע אַנדערע ווי הענרי אַדלער, סטאָפּ, קאַזיל, ווי אויך נאָך צוויי הינדו דיענער פון אַד־לער'ס הויז.

הענרי'ן האָט זיך פערגלוסט אַנקוקען דעם בית עולם פון די עלעפאַנטען האַלבע נאַכט פארן שיין פון דער לבנה, ווי אויך צו זעהן די צערעמאָניעס וואָס די הינדוס ריכטען אָב, לויט ווי קאַזיל האָט איהם דערציילט מיט אַ טאָג בעפאָר ווען זיין פערד האָט געבלאָנ־דזעט אויף דיזען געהיימניספאָלען פּלאַטץ. ער האָט אַלזאָ מיטגע־נומען דעם קליינעם קאַזיל אַלס וועג ווייזער, און ער האָט זיין פאַ־מיליע קיין וואָרט געזאָגט דערפון. ער האָט גערעכענט ער וועט בע־סער דערציילען אַלעם וואָס ער האָט געזעהן נאַכדעם ווי ער וועט קומען צוריק. וואָס טויג איהם יעצט זאָגען וואו ער געהט?

הענרי, האָט זיך אויף גיך איבערגעביטען די קליידער אין דער היים, און פאר 11 אוהר אין דער נאַכט האָבען שוין אַדלער'ס פערד

געווארט א האלב מייל ווייט פון זיין וואהנונג אום צו רייטען דארט וואו זיין נייגיערדע האט איהם געשלעפט. דער אונגליקליכער זוהן האט נאטירליך ניעמאלס זיך געקענט פארשטעלען אזא פערשאל־טענע טראגעדיע, אז אין דער צייט ווען ער מיט די דיענער וועלען ניט זיין אין הויז, וועט זיין פריעדליכער געצעלט פערוואלקענט ווע־רען דורך באנדיטען. ווער האט עס געקאנט וויסען!

קאזיל האט געהאט גענוג שכל מיטצונעמען צוויי הינדוס אין וועמען ער האט געגלויבט אז זיי זיינען געטריי צו אדלער׳ס הויז, און אזוי האבען דיזע פינף רייטער צושלאגען די טיפע שטילקייט נאך האלבע נאכט אויף׳ן בית עולם פון די עלעפאנטען.

רייטענדיג לאנגזאם דורכן וואלד האבען זיי בעגעגענט פון דער ווייטענס א קאמפאני אויף פערד וואס האבען גאלאפירט ווי שדים. אבער הענרי׳ן איז גאר ניט ארויף אויף׳ן געדאנק אז אין די קאמפאני געפינט זיך זיין פאטער געבונדען צום זאטיל, און אז ער געהט באלד אנקוקען דעם טויט פנים אל פנים. ווי אזוי האט ער דען געקענט קומען צו אזא געדאנק?וועלכער מענש טרוימט פון א פלוצלינגען אונגליק ביז די לעצטע מינוט? אפילו ווען דער בעכער גיפט איז שוין פאר אונז אנגעגאסען, מיינען מיר נאך אלץ טאמער איז דאס האניג, ביז מיר געבען א לעק, און — נאך אלעמען! דער וואלקען איבער אונז מעג זיין ווי שווארץ, זעהן מיר אלץ א זילבער־נעם אונטערשלאג. הענרי האט גוט געוואוסט אז זיין פאטער׳ס הויז איז פערוואלקענט. ער האט עס געוואוסט פון די האלבע געהיימנים וואס זיין פאטער האט איהם פערטרויט, איידער ער איז פערלאבט געווארען צו מיני בלום. ער האט זיך דאך ניט געריכט אז אין רעכ־טען מיטען לעבען און ליעבען, וועט קומען דער שלימזל און געבען מיט זיין שווארצען פליגעל א שרעקליכע קלאפ אדלער׳ס הויז!

הענרי האט גוט געהערט ווי די קאמפאני רייטער האבען גע־זונגען, און ער האט זיי געוואלט נאכלויפען גאלאפ כדי ער זאל ניט פערזאמען די צערעמאניע פון די הינדוס אויף׳ן בית עולם פון די עלעפאנטען אבער, קאזיל האט אנגעחאפט זיין פערד פארן צוים, און געזאגט:

— שטעלט אייך בעסער אפ א ווײלע מייסטער, און איך וועל

אליין צוגעהן זעהן אויב איהר מעגט דארט צו רייטען אדער ניט. איך בין אליין א הינדו, און איך מעג, אבער איהר מייסטער, איהר—

— איך טאר ניט! האט זיך העגרי צולאכט — וואס וועלען זיי מיר טאן? — זיי זיינען דאך קיין מענשען פרעסער. אינדיען געהערט דאכצעך צו ענגלאנד, און א קלאג צו די יאהרען אז אין איין ענגלישע קאלאניע זאל מען דארפען אזוי מורא האבען פאר א הויפען פאנאטישע הינדוס וועלכע רייטען די לבנה מחדש זיין פאר א שטיינערנעם גאט.

— און איך וואָרען אייך נאך אמאל — האט קאזיל ווייטער געזאגט האלטענדיג די צוים פון הענרי'ס פערד — אז איהר שפיעלט אייך צופיעל, מייסטער, מיט'ן אונגליק זעהט פאלגט מיר בעסער, און לאמיר דא אפוואַרטען פון ווייטען ביז נאך דער צערעמאניע, אדער בלייבט איהר דא און לאזט מיר אליין געהן בעטען ערלויבעניש פיי־לייכט האב איך רעכט.

הענרי איז געבליבען שטעהן מיט זיין פערד. קאזיל איז לאנג־זאם, טריט ביי טריט צוגעריטען ניט ווייט פון סטאטיו, און ער איז אין א האלבע שטונדע ארום געקומען מיט דיזע נייעס:

— די הינדוס זיינען שוין אלע אוועק, און עס איז נאך דער צערעמאניע, איהר קענט אלזא מיטקומען.

— האסטו דארט קיינעם ניט געטראפען?

— קיינעם.

— וואס זאל איך אלזא דארט טאן? קוקען אויף די ביינער פון טויטע עלעפאנטען? — האט הענרי געזאגט צו קאזיל און סטאפ מיט א מינע פון אונצופרידענהייט.

— עס איז אימער אינטערעסאנט, מייסטער, צו שפאצירען אויף'ן בית עולם פון די עלעפאנטען האלבע נאכט — האט דער יונגער הינדו ערווידערט.

— איבריגענס, קאזיל, אפשר ביסטו גערעכט. קום לאמיר געהן.

הענרי, סטאפ און קאזיל האבען איבער געגעבען זייער פערד צו די צוויי הינדוס, און זיי דריי, קאזיל פארויס מיט א פאקעל אין האנד, זיינען אריין אויף'ן בית עולם פון די עלעפאנטען.

די לבנה האט זייער ווייניג געקענט דורכדרינגען דורכ'ן

שנור בערג וואָס רינגלען אַרום דעם שטילען פּלאַטץ. אָבער דאָך האָבען זיך דורכגעגנב'עט אייניגע זילבער שטראַהלען פון דער לבנה דורך די שפּאַלטען צווישען די פעלזען און האָבען נאָך ווייסער גע־מאַכט די עלעפאַנטישעביינער און קנאָכען וואָס זיינען געלעגען אויסגעפלאַסטערט רעכטס און לינקס.

— מערקווירדיג אינטערעסאַנט! — האָט העברי אויסגע־רופען מיט ענטציקונג.

עס האָט איהם אָבער באַלד געגעבען אַ ריס אין האַרצען, און ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס זיינע געפיהלען וואָרנען איהם ער זאָל ניט לאַכען. דעם מענשען'ס האַרץ איז אַ זייגער.

העברי האָט אָבער באַשלאָסען צו זעהן אַלעס, און די ערשטע זאַך האָט ער אַרויפגעשטיגען אייניגע טרעפּ אויף'ן פונדאַמענט פון גאָט סיווא. קאַזיל וואָס איז געוועזן זעהר אַ גלויביגער הינדו האָט עס ניט זעהר געקענט ליידען ווי איין אונגלויביגער אין זייער רעלי־גיאָן איז מבזה די געטער. קאַזיל האָט זיך דאַרום אין גאַנצען אָבגע־קעהרט אויף אַ ווײַלע, און געמאַכט אַ קליינעם שפּאַציר צו די גראָז.

דער קליינער הינדו האָט באַטראַכט די ווילדע לאָטוס בלומען וואָס וואַקסען דאָרט, און ווי ער האָט געוואָלט איינע אויסרייסען, איז ער געבליבען שטעהן ווי אַ פּערגליווערטער.

ער האָט זיך איינגעבויגען, האָט זיך ווידער געשטעלט, האָט זיך געקניעט און געגעבען אַ שפּרונג ווי ניט מיט זיין קול.

— וואָס זעה איך! וואָס איז..... מייסטער, זעהט..... אַך די געטער! אַך!

— וואָס איז? — האָט העברי אַ געשריי געגעבען.

— וואָס איז! — האָט אויך סטאָפּ ווידערהאָלט מיט שרעק — איז דאָס אַ בער, אַ לייב, אַ טיגער אָדער אַלע דריי?

— טויטער קערפּער ליגט דאָ אין די גראָז אַ טויטער — האָט קאַזיל געענטפערט.

— אַ טויטער! האָט העברי געזאָגט גאַנץ איבערראַשט.

— יאָ מייסטער, אַ טויטער, איין ערמאָרדעטער.

— קאַזיל האָט זיך איינגעבויגען און אַרויסגענומען אַ מעסער, נאָס מיט בלוט פון טויטענ'ס קערפּער, און ער איז געבליבען שטום ווי אַ שטיין.

— וואס איז מיט דיר, קאזיל? — האט הענרי געדונערט האלב צושראקען, האלב אונרוהיג — וואס איז דער מעהר?

קאזיל'ס ליפען האבען זיך פערזיגעלט און ער האט קיין ווארט געזאגט. ער האט זיך בלויז געגעבען א חאפ מיטביידע הענד פאר'ן קאפ און געגעבען א געשריי מיט אלע כחות:

— זעהט, מייסטער, געהט ניט צו אהער: געהט אוועק, לאזען עם אייערע אויגען ניט זעהן.

— ניט זעהן וואס! א טויטען? לאז אקארשט מיר זעהן וואס דא טהוט זיך מיט דיר.

די לבנה וואס האט מיט א ווײלע פריהער געשוועבט אין בלויען געוועלב ווי א גאלדענער נר תמיד אין דער לופט, האט זיך פערדונ־קעלט פון א שטיק שווארצע וואלקען. און הענרי אדלער האט גענו־מען אין האנד דעם ברענענדען פאקעל. ער איז באלד צוגעגאנגען צום פלאטץ וואו דער טויטער קערפער איז געלעגען.

הענרי האט זיך איינגעבויגען.

פלוצלינג האט ער זיך געגעבען א טרייסעל, דער פאקעל איז איהם ארויסגעפאלען פון דער האנד, די פלאם האט זיך פערלאשען, הענרי'ס פנים איז געפאלען צו דער ערד און מיט א יאמערליכען גע־שריי וואס האט אבגעהילכט אין טהאל אויף'ן בית עולם פון די עלע־פאנטען, האט ער א געשריי געגעבען:

— וואס זעה איך! ניין, ניין! דאס קען ניט זיין, עס גלויבט זיך מיר ניט. אבער, אך גאט דאס איז ער. דאס איז... ווארט לאמיך אקארשט נאך אמאל זעהן... אה ניין, איך וויל ניט זעהן, איך קען ניט זעהן, איך טאר ניט זעהן! טאמער איז דאס טאקי ער!!! טאמער, טאמער איז דאס ווירקליך... אבער, וואס טרוים איך? וואס פאנטא־זיר איך? דאס איז דאך ער אליין, מיין הארצען'ס טהייערער פא־טער! פאטער, פאטער! אונגליקליכער פאטער!

ביי דיזע ווערטער האט דער שטורם פון זיין שמערץ אויס־געבראכען אין א שטראם טרעהרען, און זיין יעדער קרעכץ, זיין יע־דע כליפע האט דורכגעלעכערט די ברוסט פון דעם קליינעם קאזיל, פון סטאפ און פון די צוויי הינדוס.

— גנעדיגער סער, וואס איז אייך? — האט קאזיל געפרעגט ניט פערשטעהענדיג וואס זיין פערצווייפלונג בעטייט.

— זעה ווער דאָ ליגט! — האָט דער אונגליגליכער יונגער אָד־לער געוויזען מיט׳ן פינגער.

די לבנה האָט זיך ווידער באוויזען צווישען צוויי פּאַסען וואָל־קענס, פּונקט ווי אַ גאָלדענע לאָמפּ צווישען צוויי דיקע שטיקער וואַטע, און די בלאַסע שטראַלען האָבען אָפּגעשיינט אויף דאָס בלייכע געזיכט פון לעאָן אדלער.

הענרי האָט זיך פּרובירט שטעלען, אָבער זיינע קניע האָבען זיך געבויגען און ער איז ווידער געפאַלען.

קאַזיל איז צוגעגאַנגען, האָט זיך אַריבערגעבויגען איבערן פער־צווייפעלטען זוהן, און האָט אויסגעשריען:

— סער אַדלער! אַי וועה! דאָס איז ער.

— מיין אונגליקליכער פאָטער געשטאָכען! — האָט הענרי געיאָמערט — מיין טהייערער פּאָטער איז פערבלוטיגט און זיין האַרץ קלאַפּט מעהר ניט! ער הערט מיר ניט, ער זעהט מיר ניט, און זיינע אויגען האָבען זיך פאַרמאַכט אויף אייביג! איך האָב ער־וואַרטעט אַזויפיעל גליק, אַזויפיעל זאַנגען־שיין — און דער טויט האָט פערגיפטעט מיינע גאָלדענע פאַנטאַזיעס! שלעכט, זעהר שלעכט! וואָס טהו איך יעצט? ווי לעב איך? ווי נעם איך ראַכע פון די מערדער? יאָ, ווי נעם איך ראַכע פון די באַנדע וואָס האָבען מיין פּאָטער׳ס לעבען בערויבט אויף אַזאַ שרעקליכע, ווילדע, אַזיאַטישע, בלוטיגע און מערדערליכע אַרט? אַך גאָט! ווי דערלעב איך צו זעהן אַ נקמה אָן די הענד וואָס האָבען קאַלט געמאַכט דיזע וואַרימע האַרץ?

הענרי האָט זיך פּלוצלינג געגעבען אַליין אַ הייב פון דער ערד, האָט אָבגעווישט זיינע טרעהרען און געזאָגט:

— וואָס טויג מיר וויינען? וועמען וועל איך העלפען מיט מיינע קרעכצען? איך מוז טאָן, איך מוז געפינען מיין ראַכע. אַ בלו־טיגע ראַכע וואָס זאָל פערטויבען דעם הימעל. יאָ, דעם הימעל וואָס האָט געקענט צוזעהן אַזאַ פערברעכען און שווייגען!

הענרי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט נעבען זיין פּאָטער׳ס קערפּער און האָט זיך פערטיפט אין זיינע געדאַנקען.

— אַבער, וואָס זעה איך! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — האַלב פערברענטע פּאַפּירען! גיכער, קאַזיל, צינד אָן דעם פּאַ־קעל. אַזוי גאָר! פערברענטע פּאַפּירען!

הענרי האָט אויסגעווישט זיינע אויגען, האָט אַרויפגעזעצט זיין גאָלדענעם פּאַנסנע און פּרובירט לעזען אויף די שוואַרץ פערברענטע פּאַפּיר די טינט וואָס האָבען זיך נאָך אַרויסגעזעהן ווי געקריצט אויף קויל.

— יאָ, איך זעה עפּעס אייניגע ווערטער. וואַרט לאָמיך זעהן. דאָס איז די האַנדשריפט פון מיין פאָטער אַליין — און ער האָט אָנ־געפאַנגען לעזען — „אַ שרעקליכע באַנדע רעוואָלוציאָנערען" אָה, יאָ, דיזע ווערטער זיינען דייטליך. לאָמיך עפּעס ווייטער אויסמאַ־כען: „דיזע באַנדע מערדער מוז מען געהן זוכען אין די האַרץ פון בענגאַל, אין די נאַכבאַרשאַפט פון אַלטען טעמפּעל „סיוואַ" דאָס איז אַלעס וואָס איך קען לעזען פון מיין פאָטערס האַנדשריפט. דאָס איבריגע איז צופיעל פערברענט. אָבער, דיזע ווערטער זאָגען מיר צו ווייניג. דאָס איז צום מאָל ניט אַ שליסעל מיט וועלכען איך זאָל קענען עפענען די געהיימנים פון מיין פאָטער'ס מאָרד. אָבער, ניין, פאָטער! איך וועל ניט אָבלאָזען, איך שווער ביי דיין קאַלטען קער־פּער אַז איך וועל געפינען די מערדערס און זיי בעשטראָפען סיידען דער טויט וועט מיר שטעהן אין וועג!

סטאָפּ איז געשטאַנען נעבען זיין הערן און געוויינט, די צוויי הינדוס האָבען געקוקט פון דער ווייטענס מיט אַ ווילדען בליק וואָס האָט אויסגעדריקט האַלב שמייכעל, האַלב שמערץ און דער קליינער קאַזיל מיטן פאַקעל אין האַנד, איז געשטאַנען ווי פערשטיינערט און האָט בעלייכטעט דיזעם טראַגישעם בילד אויף'ן בית עולם פון די עלעפאַנטען.

---

פערצעהנטער קאפּיטעל

# ווען פידלעןריידען—שטורמען הערצער

9 אוהר האָט געשלאָגען דער גרויסער שלאָס־זייגער ביי דעם גאָווערנאָר אין פּאַלאַסט, און אויך די פענסטער פון די הויפּט שטראַ־סען פון שטאָדט זיינען געווען אילומינירט מיט בענגאַל פייער און מיט כינעזישע לאַנטערנעס. די ענגלענדער אין אינדיען בעלייכטען אימער זייערע פענסטער יעדעס מאָל ווען דער גאָווערנאָר פון אַ פּראָווינץ מאַכט איין אונטערהאַלטונג.

דער גאָרטען פון גאָווערנאָר, לאָרד לייניאָן, האָט אויסגעזעהן ווי אַ בעצויבערטע דעקאָראַציאָן פון טויזענד און איין נאַכט. עס האָבען זיך געצויגען פון די ביימער לאַנגע שניר מיט לאַמפּען, אַלער־ליי קאָלירען, געפלאָכטען מיט בלומען און האָבען געוואָרפען זייערע טויזענדע ליכטער אויף'ן געקינסעלטען שלאָפעדיגען טייך אין גאָר־טען וואָס איז געלעגען איינגעפלאַנצט אין גראָז ווי אַ שפּיגעל. אין דיזען טייך האָבען אָבגעשלאָגען נאָך לאַמפּען, נאָך ביימער, נאָך צווייגען, נאָך בלומען און נאָך אַ הימעל ריין ווי ליכט. דער פּאַלאַסט אַליין וואָס האָט געהאַט די פאָרמע פון אַ גרויסען ריזען עלעפאַנט, מיט זיינע עכט ווייסע מאַרמאָרנע זיילען, האָט געהאַט צעהנליגע גרויסע פענסטערס וואָס האָבען געשיקט אויף'ן גאָרטען שטראָמען ליכט־שטראַהלען.

אום די דעקאָראַציאָן זאָל זיין פּאָלקאָמען, האָט מען געזעהן נעבען טייך אַ גרופּע געסט אין אַלערליי קאָלירען. דאָרט זיינען געשטאַנען ענגלישע אָפיצערען מיט זייערע מונדירען בעלאַטעוועט פון גאָלד, אינדיאַנישע פּרינצען (ראַדשאַהס) איינגעוויקעלט אין ווייסע זייד און אַטלעס, און הינדו פרויען פון הויכען ראַנג, געקליי־דעט ווי דער יצר הרע אַליין, האָבען געשמייכעלט צו די קאַוואַליע־רען וועלכע האָבען געוואָרפען הונגעריגע בליקען אויף זייערע מאַ־יעסטעטישע געבלייזטע קערפּערס.

צוויי אָרקעסטערס מוזיק וואָס מען האָט ניט אַרויסגעזעהן, האָבען אונטער די ביימער געלאָזט ריידען זייערע פידלען און האָבען פערפלייצט דעם גאָרטען מיט אַ שטראָם מעלאָדיע, אָבער אַ מעלאָ־

דיע פול מיט ליעבעס זיפצען און ליידענשאפט וואס רעדט פון איי־
ביגע יוגענד, פון ליעבע, פון עולם הזה און פון אלעס וואס מאכט
דאס לעבען אנגענעהם.

— ווען די פידלעןריידען, שטורמען די הערצער — האט לארד
לייניאן געזאגט לאבענדיג צו איינינע יונגע פריילינס וואס זיינען
געשטאנען צוזאמען און האבען גערעדט מיט ענגלישע אפיציערען.

איינער פון דיזע אפיציערען האט געהאלטען אין ריידען און
די דאמען ארום האבען איהם אויסגעהערט מיט די גרעסטע אויפ־
מערקזאמקייט.

— עס מוז דאך אמאל נעמען איין ענדע — האט ער געזאגט
מאבענדיג מיט די הענד — עס מוז דאך נעמען איין ענדע פון די
אונגליקען וועלכע רינגלען אונז אלעמען ארום די לעצטע צייט עס
געהט כמעט ניט אוועק א וואך וואו עס ווערט ניט פערפאלען איי־
נער פון אונזערע פריינדע. וואו קומט ער אהין? קיינער ווייסט ניט!
מען געפינט אפילו ניט די ביינער פון די פערשוואונדענע קרבנות!
וויפיעל איז דער שיעור? וואלטען מיר חאטש געווען אין קריעג,
וואלטען מיר זיך געריכט. אבער מיר זעהן קיין קריעג בלויז מארד,
און ווידער מארד! זאגט אליין, איז ניט אינדיען אין געפאהר?

— אבער, ווי אזוי פאסירען דיזע אלע מארדען? — האט גע־
פרעגט א יונגעס פריילין אונטערברעכענדיג דעם אפיציר.

— ווי אזוי! — האט ער געענטפערט געבענדיג א הייב מיט
זיינע ברייטע שולטערען — גאנץ איינפאך: זיי טוהען אפ זייער
שטיקעל ארבייט אונטער דער הילע פון די פינסטערע נאכט, און
זיי פערשווינדען ווי א שאטען באלד ווי די זונן געהט אויף. נור
איין מאל האבען מיר אין די לעצטע דריי מאנאט געחאפט איינעם
וואס האט געשטאכען אויף טויט איין ענגלישען אפיציר. מען האט
דיזען חברה מאן פערשפראכען אז מען וועט פיעל פערלייכטערן זיין
שטראף, אבי ער זאל נאר ארויסגעבען די באנדע. אבער רייס פון
א שטיין! ער האט בעסער געוואלט דערשאסען ווערען איידער
ארויסצוגעבען די געהיימנים. עפעס א קלייניגקייט! דיזע אזיאטען
לאכען דעם טויט אין פנים אבי ניט ארויסצוגעבען זייערע פער־
שווארענע געהיימניסע. עס גיבט גאר קיין וועג און קיין מיטעל ווי
אזוי צו האנדלען מיט זעלכע פאנאטיקער, און ווי מען זאל מיט זיי

האנדלען טויג ניט. מיט בייזען מאכט מען זיי ווילדער, און מיט גוטען מאכט מען ערגער. וואס טהוט מען?

אין דיזע ווייל̇ע האט זיך בעוויזען לארד לייניאן וועלכער האט געגעבען באפעהלע צו זיינע דיענער, און ער האט געפרעגט די אפי־צירען:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, מיינע העררען, אויב מיין פריינד לעאן אדלער איז שוין דא מיט זיין פאמיליע?

— מיר האבען איהם נאך ניט געזעהן — האט געענטפערט דער פריהרעדיגער אפיציר וועלכער האט גערעדט צו די דאמען.

— און איך קען אייך זאגען אויף געוויס, גאווערנאר, אז ער איז נאך ניט געקומען — האט איין אנדערער געזאגט — דען איך האב אויפגעפאסט אויף אלע איירא̇פעאישע געסט וועלכע זיינען ביז יעצט געקומען אין פאלאסט.

— ער איז וואהרשיינליך גענוג בעשעפטיגט אז ער פערשפע־טיגט זיך אזוי — האט בעמערקט לארד לייניאן.

איידער דער גאווערנאר האט געענדיגט זיינע ווערטער, האט זיך בעוויזען אויף די טרעפ לעאן אדלער׳ם אינגערער זוהן, עדווארד, וועלכער איז געווען בעגלייטעט פון זיין כלה פריילין גריים בלום, און איהר עלטערע שוועסטער מיני.

לארד לייניאן האט זיי באלד דערזעהן.

— ווארום זאמט זיך אזוי אייער פאטער? — האט ער גע־פרעגט עדווארד׳ן נאכדעם ווי ער האט זיי בעגריסט מיט א ווא־רימען ווילקאמען.

— וואס! — האט דער יונגער מאן אויסגעשריען איבערראשט — אבי איך האב געמיינט אז איך וועל איהם דא טרעפען צוזאמען מיט מיין ברודער הענרי, וואו קען ער זיין?

— וואהרשיינליך איז ער בעשעפטיגט מיט אימיצען — האט דער גאווערנאר ערווידערט און ער וועט באלד קומען. איהר דארפט ניט זיין אונרוהיג.

— איך קען זיך ניט העלפען, מיין לארד, און איך מוז זיין אונרוהיג, דען מיין פאטער האט מיט אונז היינט קיין פריהשטיק און קיין אווענד ברויט געגעסען. ער איז אוועק פון הויז גאנץ בא־גינען.

— דאס איז עפּעס צופיעל זאנדערבאר! — האט געמורמעלט דער גאווערנאר. — אבער דאך בין איך איבערצייגט אז מיר וועלען באלד האבען דאס פערגעניגען צו דריקען זיין פריינדליכע האנד נאך הייטע נאכט.

— איך וויל עס אויך האפען, מיין לארד.

— אין דיזען אויגענבליק האט א לאקיי אנאנסירט דעם הינדו פּרינץ — דער ראדשאה דורגאל סאהיב.

עס איז באלד געווארען א שושקעריי, דען אלע האבען געוואוסט אז דיזער ראדשאה איז איינער פון די רייכסטע פּרינצען אין אינ־דיען, א פּרינץ וועלכער איז אין גאנצען איבערגעגעבען צו די ענג־לישע רעגירונג.

לארד ליניאן איז איהם נעגאנגען ענטקעגען אייניגע טריט איהם צו רייכען די האנד.

דורגאל סאהיב איז געווען געקליידעט אויף די אינדיאנישע ארט, און ער איז אנגעקומען מיט א גרויסע סוויטע. אלע האבען אויף איהם געקוקט. מיני האט דיזע ווילע אנגענומען דעם ארים פון איהר שוועסטער גרייס און געזאגט שטילערהייט מיט א ציטערנדען טאן:

— איך ווייס ניט וואס איך האב מורא פאר די אויגען פון דיזען אזיאטישען פּרינץ. ווען ער גיבט אויף מיר א בליק, פלאמט מיר דאס פּנים, עפּעס קלאפּט מיר מיין הארץ, עפּעס דוכט זיך מיר אז דיזער מאן ברייגנט אונז חלילה אונגליק, הלואי זאל איך ליגען זאגען.

— געה דו נארעלע מיט דיינע חלומות — האט גרייס איהר געענטפערט — ער קוקט אויף דיר וואהרשיינליך וויל דו געפעלסט איהם. איך זעה ניט וואס דו דארפסט זיך אזוי שרעקען פאר איהם. איך גלויב אז ער זעהט אוים וואונדערשעהן, אבגעוואקסען ווי א בלום, איין עכט עלעגאנטעס געזיכט מיט גרויסע אויגען. אבוואהל זיין געזיכט איז אביסעל צופיעל ברונעט, כמעט בראנז קאליר, פון דעסטוועגען איז ער דאך זעהר רייצענד און עס ליגט אויף איהם עפּעס אזא מין אזיאטישע מאיעסטעט. ווארום האסטו מורא פאר אזא שעהנעם מאן? וואס בעטייט דיין שרעק?

— דאס ווייס איך אליין ניט — האט מיני געענטפערט —

איך ווייס נור אז מיין גאנצער קערפער טרייסילט זיך יעדעס מאל ווען איך גיב א בליק אויף איהם.

לארד לייניאן מיטן פרינץ האבען זיך איינער דעם אנדערען פריינדליך געדריקט די האנד, און דער ערשטער האט דעם צווייטען דעם פאלגענדען קאמפלימענט געמאכט:

— איך בין ווירקליך שטאלץ און איבערגליקליך, אייך צו האבען פאר א גאסט הייטע אין מיין פאלאסט.

— מיין לארד — האט דער ראדשאה ערווידערט — איך גיב אייך מיין האנד, און מיין הארץ געהט נאך. עס איז וואהר אז אונזערע לענדער זיינען פון דער נאטור זעהר פערשידען, אונזערע געטער זיינען ניט די זעלבע, אבער אונזער ברידערשאפט איז די זעלבע.

— איהר זייט גערעכט, פרינץ — האט לארד לייניאן בעמערקט — ברידערשאפט און מענשהייט שטעהען געווים פיעל העכער פאר פאטערלאנד און רעליגיאן.

דער פרינץ דורגאל סאהיב האט אנגעפאנגען קוקען אויף מיני און גריים מיט א זעהר ערנסטע מינע, אבער אויך זעהר קאקעטיש.

— פריילין מיני, פריילין גריים! — האט ער געזאגט צו זיי נאכדעם ווי מען האט זיי פארגעשטעלט — ערלויבט מיר איך זאל בייגען מיין קניע פאר אייך ווי פאר די שמייכעלדיגע געטער פון אונזער טעמפעל. און איהר, סער עדווארד אדלער, איך גריס אייך! ווילען מיר ניט האבען דאס פערגעניגען הייטע צו האבען אייער פאטער מיט אונז?

— מיר ערווארטען איהם יעדע מינוט, פרינץ — האט גריים אויסגעהאפט דעם ענטפער.

— אויך איך ערווארט זיין קומען מיט אונגעדולד, ווייל איך וויל איהם בעטען א קליינע געפעליגקייט.

— מעג איך פרעגען, פרינץ, וואס דיזע געפעליגקייט איז? — האט גריים געפרעגט.

— איך וויל ער זאל מיר ערלויבען צו געבען יעדען פון אייך א פרעזענט.

— וואס מיינט איהר, פרינץ? — האט עדווארד געפרעגט.

דורגאל סאהיב האט געטראגען ארום זיך א פרעכטיגען גארטעל

אין וועלכען עס איז געווען ארייננעשטעקט ביי דער זייט איין איינ־דיאנישער רעוואלווער מיט א זילבערנעם הענטיל, ענאמילירט מיט גאלד. ער האט ארייננעשטעקט זיין האנד אין די פאלבען פון גאר־טעל, האט ארויסגענומען פון דארט צוויי גאנץ קליינע קעסטעלעך און האט עס דערלאנגט צו די פריילינס מיט א קאקעטישען נייג.

מיני האט עס צוגענומען ווי איבער געוואלד, אבער גריים האט זיך באלד געגעבען א חאפ צום שפריזינקע פון קעסטעלע, האט עס געעפענט מיט א קינדישע אונגעדולד און אויסגעשריען:

— אך, ווי שעהן, ווי גרויסארטיג, ווי רייך! עדוואַרד, זעה! מיני, קוק! ווי גלענצענד, עס פערבלענדעט די אויגען.

— ערלויבט מיר אייך צו ערקלעהרען, פריילין גריים בלום — האט דער פרינץ געזאגט — איהר איבערטרייבט אביסעל צו וויים מיט די ווערדע פון מיין קליינעם פרעזענט. זיי זיינען איינ־פאכע בריליאנטען פון די גאלקאנדע פעלדער, און ארומגעזעצט מיט פערל פון ציילאן. א גאלד ארבייטער אין קאלקוטא האט דיזע שטיי־נער און פערל צוזאמענגעשטעלט אין א בראסלעט און א האלז־באנד. איך זעה ניט איין די רייכקייט פון דיזע פרעזענטען. די שטערען פון הימעל, ניט זעלבע איינפאכע בריליאנטען, האבען בעדארפט ארומ־רינגלען אייער שעהנע האנד און אייער הימלישע האלז. אבער, ליי־דער די שטערען שיינען אין הימעל פונקט ווי אייערע אויגען פינקלען אויף דער ערד, און איך האב נאך ניט געפונען די מיטעל ווי אזוי צו גרייכען די שטערען, אבוואהל איהר האט עס די ווערטה.

— איך פערזיכער אייך, ראדשאה — האט לארד לייניאן גע־זאגט אנקוקענדיג די צירונג — איהר קענט געבען לעקציאנען אין קאמפלימענטען און ליעבע׳ס חן׳דעלאך אפילו צו די מאגנאטען פון פאריז און לאנדאן. איהר בעזיצט דריי פראפעסיאנען מיט איין מאל: איהר זיינט פרינץ, מיליאנער און פאעט.

— איך מיין פערקעהרט, מיין לארד. אז איהר זייט מעהר קינסטלער פאר מיר צו מאכען קאמפלימענטען, לויט וואס איך האב עבען פון אייך געהערט. ערלויבט מיר אלזא, לארד, א קליינע גע־פעליקייט.

— מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען, פרינץ.

— אזוי ווי סער לעאָן אדלער איז נאָך ניט געקומען ביי ווען איך זאָל קענען בעטען ערלויבעניש ביטע אלזאָ מיין לאָרד. ערלויבט איהר דיזע פריילינס זיי זאָלען אָננעמען פון מיר מיין קליינעם פּרעזענט.

פּרינץ! — האָט מיני צום ערשטען מאָל איהם אונטערבראָכען — אונזער דאַנקבארקייט איז זעהר גרויס. אָבער מיר קענען ניט אָנ־נעמען אזאַ קאָסטבארען פּרעזענט.

— מיין שוועסטער האָט ווירקליך רעכט — האָט גרייס זיך אריינגעמישט מיט קאַלטע ציין — דיזע צירונג איז צופיעל, צו שעהן, דאָס איז געמאַכט פאַר קעניגענס, פאַר פּרינצעסענס, אָבער —

— און זייט איהר דען ניט קיינע קעניגענס? — האָט דורגאַל סאַהיב אונטערבראָכען — טראָגט איהר ניט יעדע פון אייך, אַ דריי פּאַכיגע קרוין פון שעהנקייט, יוגענד און חן? וויפיעל פּרינצעסענס געפינט איהר אין דער וועלט וועלכע וואָלטען מיט פערגעניגען אויסגעביטען זייערע גאָלדענע קרוינען אויף די קרוינען וואָס די נאַ־טור אליין האָט אייך געשענקט, קרוינען וועלכע דער אלמעכטיגער ארכיטעקט פון דער וועלט האָט אויסגעצירט מיט זיין געטליכע פּינזעלע?

— אויב אזוי, פּרינץ, פערלאַנגט ערלויבעניש פון הערן עד־ווארד אדלער — האָט גרייס געזאָגט אראָבלאָזענדיג די אויגען.

— ווי דער גאָווערנאָר וועט הייסען — האָט עדוואַרד געענט־פערט מיט אַ שמייכעל.

— דער גאָווערנאָר גיט די ערלויבעניש די פריילינס בלום צו נעמען דיזען פּרעזענט — האָט לאָרד לייניאָן געזאָגט.

אַ שטראַל זון שיין האָט זיך בעוויזען אויף גרייס'ס געזיכט, אָבער פון מיני'ס אויג האָט זיך אראָפּגעקייקעלט אַ טרעהר ווי אַ פּערל.

דורגאַל האָט זיך געווענדעט צו מיני בלום מיט דיזע ווערטער:

— יעצט, פריילין, ערלויבט מיר און איך אליין וועל ארויפ־זעצען דיזען בראַסלעט אויף אייער רים.

מיני האָט אויסגעשטרעקט איהר געבלייזטען אָרים ניט ווי־לענדיג, און נאַכדעם ווי ער האָט עס איהר אָרויפגעטאָן, האָט ער בעמערקט:

— גלויבט מיר, ליעבעס קינד, אז דיזער פרעזענט איז אזוי ארים אזוי קליין ווען ער ליגט אויף אזא נאטור רייכע, זיסע ליעבענסווירדיגע האנד.

— ווי דערלעב איך איהר צו גיבען מיין הארץ — האט ער געמורמעלט צו זיך אליין — און זי זאל עס אננעמען פונקט ווי דיזען פרעזענט!

ער האט איהר געגלעט פאר'ן קאפ א ווײלע אין דער צייט ווען זי האט זיך קיין ארט ניט געפונען.

— דיזע בריליאנטען ברענען מיין פלייש! — האט זי דיזע ווײלע געטראכט — אך, איך פיהל אז איך געה אונטער.

אין זעלבען אויגענבליק האבען זיך אלע געסט אבגערוקט אויף איין זייט, און מען האט געמאכט א גרויסע ווארע. אין איינינגע סע־קונדען ארום האט א לאקיי אנגעצייגט די פרינצעסין דשעלאלא.

דשעלאלא איז געקומען אנגעצויגען אין איהר אייראפעאישע טאאלעטע, איהר ווייסע באל קלייד איז געווען אין גאנצען פון טייערע ענגלישע ליים, און זי איז געווען אזוי געבלייזט, אז די יונגע פריילינס האבען זיך פערשעהמט, אבוואהל זיי זיינען אויך געווען געבלייזט.

— דאס הייסט ניט געבלייזט — האט גרייס בעמערקט צו איהר שוועסטער — דער אויבערשטער טהייל פון איהר קערפער איז דאך אין גאנצען נאקעט, און איך דיינק אז זי טראגט צום מאל ניט קיין קארסעט.

— איך פערשטעה ניט — האט מיני ערווידערט — טא ווי קומט עס וואס איהר נאקעטע ברוסט איז אזוי הויך? עס איז דאך אונמעגליך אז דאס זאל זיין א נאטירליכע רונדקייט.

די פרעכהייט און די חוצפה מיט וועלכע דשעלאלא איז אריין אין זאל דעם קאפ פעררייסען פון הינטען, דער קערפער פאראויס, האט געמאכט א ווילדע איבערראשונג צווישען די געסט. די דאמען האבען זיך אנגעפאנגען סוד'ען שור־שור־שור, און די קאוואליערען האבען זיך צוערשט געגעבען א שטעל, און זיינען געבליבען שטעהן ווי עלעקטריזירט. זיי האבען אלע געקראגען איין פנים, די לײדענשאפט איז געווען אויסגעקריצט מיט פלייש בוכשטאבען אויף זייערע גע־זיכטען. זייערע אויגען האבען געוואנדערט ווי אין היהנער־פלעט

און עס איז אויף די יונגע קאוואליערען געפאלען אזא ערנסטע שטיל־קייט, אז כמעט אלע דאמען האבען זיך געפינען באליידיגט.

— וואס פאר א קלאג האט דיזע אזיאטישע נקיבה אהער אנ־געטראגען? האבען געווים געטראכט אייניגע דאמען, זעהענדיג ווי דשעלאלא האט עלעקטריזירט אלע מענער מיט איהר אריינקומען.

— גוטען אוונד, מיין לארד — האט זי געזאגט צום גא־ווערנאר איהם רייכענדיג די האנד — זעהט איהר, איך האב אייך פערשפראכען און דא בין איך.

— ווען מען זעהט אייך אריינקומען — האט לארד לייניאן געענטפערט — פערגעסט מען אז דאס ווירקליכע לעבען און מען דענקט, אז מען איז דארט, אויף יענע גרינע אינזלען פון אייביגע יוגענד. איך האב אייך מיט צוויי טעג צוריק געזאגט, פרינצעסין, אז מיין באל דארף האבען א קעניגען. זי אי היער. איך גיב איבער מיין סצעפטער אין אייער האנד.

— איך נעם עס אן, און וועל עם האלטען א גאנצע נאכט.

אין דער צייט ווען דיזע קורצע צערעמאניע איז אנגעגאנגען, האבעןביידע שוועסטער בלום נאך אלץ גערעדט פון די פרינצעסין'ס טאאלעטע, הינטער א גרופע געסט און זיי האבען איהר איינגעשלונ־גען מיט די אויגען.

— ווי שעהן זי איז — האט מיני געזאגט צו איהר אינגערע שוועסטער — האב איך דאך מורא פאר איהר, איך ווייס ניט פאר־וואס, עפעס שיינט זי מיר —

— אבער, פארוואס?

— זעה, גרייס, איהרע פערדארבענע אויגען און איהר ממזר־שען שמייכעל וואס איך ווייס אליין ניט ווי איך זאל זיך אויס־דריקען.

— געה שוין מיט דיינע נארעשקייט, מיני, און לאז מיר צורוה. וואס געהט מיר אן איהרע אויגען, איהר שמייכעלע, אבי זי איז וואונדערשעהן, און דערצו ווייסט זי נאך ווי צו געווינען די ליעב־שאפט פון די אלע וואס זעהען איהר. ווער ווייסט וויפיעל הערצער זי צושמעטערט דיזע ווייל?

דשעלאלא האט באמערקט פון ווייטען איהר פריינד דעם פרינץ דורגאל סאהיב וועלכער איז איהר ענטקעגען געקומען, און נאכדעם

ווי ער האָט איהר בעגריסט מיט אַ קוס אין האַנד, האָט זי געזאָגט שטילערהייט אַז נור ער אַליין האָט געקאָנט הערען:

— נאָך קיינע נייעס איז אָנגעקומען הייער?

— פאָרלויפיג ניט — האָט ער געענטפערט קורץ.

עדוואַרד איז גראַדע דיזע ווײַלע צוגעקומען צו די צוויי שוועס־טער און ער האָט זיי געוואָלט פיהרען אין זאַל. אָבער, דשעלאַלאַ מיט איהרע אַדלערשע אויגען האָט דערקאָנט פון ווייטען עדוואַרד׳ן וועלכען זי האָט שוין איינמאָל געזעהן, און זי האָט פערשטאַנען ווער דיזע צוויי פריילינס זיינען.

זי איז איהם ענטקעגען געגאַנגען, און נאָכדעם ווי זי האָט איהם בעגריסט, האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— הערר אַדלער, אייער ברודער סער הענרי, האָט מיר גע־האָט פערשפּראָכען אַז ער וועט מיר פאָרשטעלען הייטע צו זיין פער־לאַבטע, פריילין מיני בלום. איך זעה נאָך אָבער ניט אייער ברודער הייער, און איהר מוזט זיין פערשפּרעכען צו מיר ערפילען.

מיני האָט אַזוי געשווידערט אין זיך אַז זי האָט געפיהלט זי געהט בלייבען אין אונמאַכט, און זי האָט זיך געמוזט גוט אָנשפּאַ־רען אַן עדוואַרד׳ס אָרעם.

— פּרינצעסין! — האָט ער געזאָגט זיך געבענדיג אַ נייג גאַנץ נידעריג — איך האָב די עהרע אייך פאָרצושטעלען די פריי־לינס מיני און גרייס בלום, וועלכע שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון מיין פאָטער.

— זאָגט דאָך דיזע פריילינס — האָט דשעלאַלאַ ערווידערט מיט איהר קאָקעטישען שטאָלץ — אַז זייער אויפזעהער, סער לעאָן אַדלער, איז מיין פריינד, דאָס איך בין אויך אייער פריינדין און איך האָף אויך צו ווערען די פריינדע פון דיזע צוויי רייצענדע פריילינס.

— מיין דאַנק, פּרינצעסין.

— פריילינס מיני און גרייס בלום — האָט זיך דשעלאַלאַ באַלד געווענדעט צו די שוועסטערס — איהר האָט ווירקליךביידע רייצענדע נעהמען, רייצענד ווי אייערע געזיכטען. איך גראַטוליר סער הענרי אַדלער וואָרום ער האָט אַזוי קלוג אויסגעקליבען, און

אויך איהר הערר עדוואַרד, האָט גוט געטראָפען. ווילט איהר אַנ־נעמען מיין פריינדשאַפט, פריילין מיני?

— איך וואָג עס ניט — האָט מיני געמורמעלט אַראָפּלאָ־זענדיג די אויגען.

— ענטשולדיגט, פּרינצעסין, מיין שוועסטער'ס איבעררא־שונג, די עהרע איז אַזוי אונערוואַרטעט געקומען — האָט גרייס זיך באַלד אַריינגעמישט.

— איהר זאָלט ניעמאָלס צווייפלען אין די פריינדשאַפט פון די יעניגע וועלכע ליעבען אייך, פריילין — האָט דשעלאַלאַ ווייטער געזאָגט לאַכענדיג און האָט זיך פערנייגט.

ווי זי איז נור אַוועק פון זיי, האָט דורגאַל איהר געגעבען דעם אָרים.

— אַך, ווי איך קען ניט ליידען די מיני? — האָט זי געזאָגט צום ראַדשאַה דורגאַל.

זיי זיינען ביידע פערשוואונדען אין גרויסען טאַנץ וואו די מוזיק האָט געשפּילט דעם מאַרש פון „טאַנהייזער" אין דער צייט ווען די קאַוואַליערען און די דאַמען האָבען שפּאַצירט מיט ליידענ־שאַפטליכע בעגייסטערונג איבערן געוויקסטען באָדען פון זאַל.

פופצעהנטער קאַפּיטעל

## דער טויטער גאַסט אויפ'ן באַל

די מוזיק פון די פערבאָרגענע אָרקעסטרעס האָט געענדערט איהר כאַראַקטער. דער לוסטיגער און רייכער מאַרש האָט געמאַכט פּלאַץ פאַר אַ מעלאָדיע אין מינאָר, אַ מעלאָדיע ריין ווי גאָלד און גלאַט ווי סאַמעט וואָס האָט געמאַכט יעדען איינעם טרוימען, אַ מעלאָדיע וואָס האָט געהאַט ווילדע משונה'דיגע ליעבע'ס זיפצען און ממזר'שע קנייצען.

— אַך, ווי דיזע האַרמאָניע מוז אַנפילען יעדען די זעעלע! — האָט דשעלאַלאַ בעמערקט שטעהענדיג פאַר אַ גרופּע קאַוואַלירען און דאַמען.

— דיזע רייצענדע מעלאָדיע — האָט דער גאָווערנאָר ערווי־דערט — זאָגט אַן אַז עס זיינען עבען אָנגעקומען די הינדו טענצער־קעס נאָך וועלכע איך האָב געשיקט אין באָמביי צו בעשיינען מיין אונטערהאַלטונג. מיין באַל קען ניט האָבען קיין ערפאָלג ווען עס זאָל פעהלען הייטע ביי מיר אייערע נאַציאָנאַלע אינדיאַנישע טענץ.

— איהר האָט ווירקליך גוט געטאָן, גאָווערנאָר — האָט זי בעמערקט —אָבער ביי אייך אייראָפּעער איז דאָך אונזער טאַנץ פערדאַמט, איך וויים ניט פאַרוואָס.

— מיר אייראָפּעער קענען זיך ניט געוואָהנען אין גאַנצען צו דיזע טענץ אין וועלכע די טענצערקערס מאַכען זעלכע בעוועהגונגען מיט זייערע קערפּערס.

— אָבער, איך זעה ניט איין, מיין לאָרד,וואָרום אונזער נאַצי־אָנאַלע טאַנץ ווערט בעטראַכט פאַר אונמאָראַליש? ביי אונז הינדום מוז אַ טענצערקע זיין צוערשט אַ שעהנע פרוי בעוועגט אַביסעל איהר אויבערשטען טהייל קערפּער רעכטס און לינק אַזוי?

ביי דיזע ווערטער האָט דשעלאַלאַ ארומגענומען איהרע ביידע הענד הינטערען קאָפּ און האָט ווי איין אקראָבאַט געמאַכט טאַנצען איהר קערפּער אין דער צייט ווען איהרע פיס זיינען כמעט געשטאַ־נען אויף איין פּלאַץ.

די פרויען ארום זיינען רויט געוואָרען, און די קאַוואַליערען, דארונטער לאָרד לייניאָן, האָבען געפּאַטשט בראַוואָ.

— זאָגט אַליין — האָט דשעלאַלאַ אויסגעשריען מיט טרי־אומף — איז ניט אונזער טאַנץ שעהנער און לעבעדיגער פאַר אייערע טענץ? וואָס זעהט איהר אין אייער וואַלץ? צוויי טויטע באַשעפּע־נישען דרעהען זיך אַז עס באַנגווייַלט ביז טויט קוקענדיג. און וואָס איז דער קאַדריל, דער לאַנסע אָדער די „פּאָלאָנעז"? אויך ניט מעהר ווי טויטע טענץ אָן אַ ברעקעל לעבען. די רוסישע נאַציאָנאַלע טענץ זיינען שוין אַביסעל מעהר לעבעדיג. אויך דער פראַנצויזישער „קאַן־קאַן". דער אונגארישער „צאַרדאַס", די גריכישע „האָרא" און די אַמעריקאַנישע „קייקוואָקס". אָבער די בעסטע טענץ, די לעבעדיג־סטע, זיינען נור אונזערע נאַציאָנאַלע טענץ, די אַראַבישע טערקישע און פערזישע. איך דאַנק אייך, אַלזאָ, לאָרד, וואָס איהר האָט געהאָט די גיטע צו קרוינען דעם באַל מיט הינדושע טענצערקערס.

— ווי גוט מיין באל וועט געראטען זיין — האט דער גאווערנאר ערווידערט — וועט נאך אלץ ניט קומען צו די אונטערהאלטונגען וואס איהר מאכט אין אייערע פאלאצען.

— אבער, מארגען אווענד, מיין לארד, וועט איהר דערפאר זעהן א גרויען פייערטאג אין די שטראסען פון בענגאל. עס איז אונזער נאציאנאלער יום טוב „יאגערנאטה".

— אה יא, דער יעהרליכער יום טוב יאגערנאטה איז אימער זעהר אינטערעסאנט — האט דער גאווערנאר ערווידערט.

ער האט געוואלט נאך מעהר עפעס זאגען, אבער זיינע ווערטער זיינען אונטערבראכען געווארען פון א טומעל. די הינדו טענצערקעס זיינען אנגעקומען מיט זייערע נאציאנאלע קאסטיומען. זיי האבען מארשירט לאנגזאם צום גאווערנאר לייניאן און צו דער פרינצעסין דשעלאלא נאך דער הארמאניע פון די טרוימערישע אריענטאלישע מוזיק. זיי זיינען געווען אכט טענצערקעס מיט העכסט רייצענדע געזיכטער. זיי האבען אויסגעזעהן ווי זייערע אויגען האבען געשוואומען אין א ים ליידענשאפט, און ווי נאר זיי האבען זיך צוגערוקט אויבען אן האבען זיי אראפגעווארפען זייערע רויטע מאנטלען, און זייערע רייצענדע קערפער, פונקט ווי א שטורמישער סמבטיון, האבען זיך באלאנסירט אויף די ווילדעסטע ארט פון באצויבערטע מוזיק. בלויז צוויי טענצערקעס זיינען געווען געבלייזט, און די איבעריגע זעקס געקליידעט אין ווייסעם לייב קאליר וועלכע האבען אפגעצייכנט מיט אונבעשרייבליכען חן די געקינסעלטע פארמעס פון די פערשייטע טענצערקעס. ווען עס איז געקומען צו די צוויי געבלייזטע וועלכע האבען אנגעפאנגען זיך שאקלען, מיט זערע קעפ פעריסען און די האאר צולאזען ביז זייערע לענדען, האבען זיי זיך אזוי מאדנע געדרעהט, אז פיעלע פון די אייראפעאישע דאמען האבען אוועקגעקעהרט זייערע אויגען פון דיזע סצענע וואס האט בעזאפען די ביישטעהענדע מענער פונקט ווי מען וואלט זיי מיט אפיום פערגיפטעט.

נאך דיזע טענצערקעס זיינען פארגעקומען פיער הינדו טענצערס, יונגע לייט הויך אבגעוואקסען און פעסט געבויט, און זייערע שנור בארטס פערדרעהט אויף געזיכט ווי איין S זיי האבען געטראגען קורצע לייבלאך ארומגעשטעפט מיט גאלד און ווייסע אטלעסענע הויזען וואס איז געלעגען אויף זיי ווי אויסגעגאסען. אויף'ן

קאפּ האָט יעדער פון זיי געטראָגען אַ רויטע מיצקע מיט אַ לאַנגען זיידענעם פראַנז, און זיי האָבען געמאַכט זעלבע אָריענטאַלישע חן־דעלאַך צו די הינדו טענצערקעס, און געמאַכט זעלבע בעסטעאַלע פּאַנטאָמינעס אַז מיני האָט געמורמעלט צו איהר שוועסטער גרייס אין אויער דיזע ווערטער:

אויב דאָס הייסט טאַנצען, אויב זעלבע שמוטע הייסט ביי זיי קונסט, טאָ לאָמיר אוועקגעהן פון דאַנען. — האָט מיני געמורמעלט צו איהר שוועסטער.

אָבער, איידער גרייס האָט צייט געהאַט צו געבען איין ענטפער איז געוואָרען אַ גערויש אין זאַל, און מען האָט אָנגעציינט די אָנ־קונפט פון אַ נייעם גאַסט.

דער נאָמען פון דיזען נייעם גאַסט האָט געבראַכט אַ ציטערניש אויף די פּרינצעסין דשעלאַלאַ און אויף ראַדשאַה דורגאַל סאַהיב.

סער הענרי אַדלער! — האָט אויסגעשריען דער מייסטער פון די צערעמאָניעס.

— מיין ברודער איז ענדליך דאָך געקומען — האָט עדוואַרד אויסגעשריען מיט פרייד — און ער ברייגנט אונז געוויס גוטע נאַכריכט פון פּאַפּאַ.

— קיין צווייפעל — האָט לאָרד לייניאָן געמורמעלט.

די געסט האָבען געמאַכט אַ וועג פאַר דעם נייעם גאַסט, אָבער ווי זיי האָבען איהם דערזעהן זיינען זיי אַלע געבליבען ווי פאַר־שטיינערט! אויף הענרי'ס געזיכט איז געלעגען אַ באַרג פאַרצוויי־פלונג, אַ ים שמערץ און אַ תהום שרעק! זיין ערשיינונג האָט געמוזט יעדען איינעם איבערשרעקען, זיינע יעגער קליידער אין די גרעסטע אונאָרדנונג, אַ שוידערהאַפטע בלאַסקייט האָט בעדעקט זיין שעה־נעם געזיכט וואָס האָט אויסגעדריקט אונבעשרייבליכע ערגערניס. זיינע רויטע פערוויינטע אויגען האָבען געפינקעלט מיט אַ ווילדען פייער, און זיין מינע האָט געקאָנט אַרויסציהען מיטלייד אפילו פון אַ וואַלד גזלן.

לאָרד לייניאָן האָט געגעבען אַ וואונק פון איבערראַשונג, און עדוואַרד האָט געפיהלט אַ שוידער איבער זיין גאַנצען קערפּער. זיין האַרץ האָט איהם געזאָגט אַז אַ גרויסעם אונגליק האָט פּאַסירט.

— הענרי ברודער! — האָט עדוואַרד געגעבען אַ געשריי.

אין דיזע ווײלע האָט דשעלאַלאַ געגעבען דורגאַלן אַ דריק אין האַנד און געזאָגט שטילערהייט:

— קוק איהם נאָר אָן, װעלכע נײעס װײסט ער דען?

— שטיל — האָט דער ראַדשאַה דורגאַל געמורמילט אונטער די ציין — שטיל פּרינצעסין האַלט אייך איין אום אייער איבער־ראַשונג זאָל אונז ניט אַרויסגעבען.

— מיין ברודער, מיין טייערער ברודער! — האָט עדוואַרד ווידערהאַלט — װעלכע טרויעריגע נײעס האָסטו אונז געבראַכט, און וואָס בעטייט דיין אויסזעהן?

אויף מיני׳ן איז געפאַלען אַ ציטערניש, און זי האָט זיך אַריינ־געוואָרפען אין די אָרימס פון גריים. אָבער, הענרי האָט קיין וואָרט געזאָגט און איז גראַדע צוגעגאַנגען צום גאָווערנאָר לייניאָן.

— ענטשולדיגט, גאָווערנאָר, פערצייט מיר, מיין לאָרד — האָט ער געזאָגט מיט אַ וויינידיגע שטימע — וואָס איך קום פאַר־שטערען אייער יום טוב. פערצייט מיר וואָס איך פאַרוואַנדעל אייער פערגעניגען אין טרויער.

— וואָס! טרויער!!! — האָט לאָרד לייניאָן געזאָגט מיט איבעראַשונג.

— וואָס מיינסטו ברודער? — האָט עדוואַרד געפרעגט פּונקט ווי אַ דונער וואָלט איהם איינגעשלאָגען.

הענרי האָט אָנגענומען זיינע ביידע הענד און געזאָגט גאַנץ שטיל.

זאַמעל צוזאַמען וויפיעל קוראַזש דו האָסט נור אין דיין פּער־מעגען, טייערער ברודער, ווייל דו דאַרפסט עס זעהר נויטהיג האָבען, וויפיעל קראַפט דו האָסט, איז אַלץ ווייניג אויסצוהאַלטען אַזאַ שוואַרצע בשורה.

הענרי האָט זיך ווידער געווענדעט צו לאָרד לייניאָן.

— איך בין געקומען אייך בעטען מיר העלפען ראַכע נעמען, גאָווערנאָר! — האָט ער אויסגעשריען — איך וויל פון אייך ראַכע און גערעכטיגקייט.

— ער ווייס שוין אַלעס! — האָט דשעלאַלאַ געמורמעלט שטילערהייט צו דורגאַל.

הענרי האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פּאָר סעקונדען ווייל דער שמערץ האָט איהם געשטיקט — און האָט ווייטער געזאָגט.

— איך וויל גערעכטיגקייט פאַר מיין פאָטער און ראַכע פאַר זיינע מערדער!

אַ שושקעריי איז דורכגעלאָפען אַלע געסט, און יעדע שטימע האָט ווידערהאַלט מיט איבערראַשונג:

— סער לעאָן אַדלער ערמאָרדעט! וואָס!!!

עדוואַרד, האַלב משוגע פון שמערצען, האָט אָנגעכאַפּט זיין ברודער׳ס ביידע הענד, און געשריען ווי ניט מיט זיין קול:

— הענרי! איך פערשטעהע דיר ניט... איך האָב דיר ניט גוט אויסגעהערט... דו רעדסט פון אונזער פאָטער, הענרי? אונזער פאָטער לעבט... מיר וועלען איהם נאָך זעהן... אָה, ניין, גאָט קען ערלויבען אַזאַ פאַרברעכען... עס קען ניט זיין הענרי.

גריים האָט יאָמערליך געוויינט.

— אונזער גוטער פריינד טויט — האָט זי געקרעכצט ווי אַ פערוואונדעטע נאַכטיגאַל.

— אָה ניין עס איז אונמעגליך! — האָט מיני געשטאַמעלט ניט טויט, ניט לעבעדיג.

אַלס ענטפער האָט הענרי געגעבען נור איין וואָרט!

— קוקט!!!

ביי דיזען וואָרט האָט ער זיך אומגעקעהרט צום ווינקעל פון וואַנען ער איז אריינגעקומען, און די געסט האָבען געמאַכט אַ וועג ביז׳ן טיהר גאַרטען. די געסט האָבען געזעהן אַ באַנק נעבען וועלכען עס איז געשטאַנען סטאַפּ און קאַזיל, בלאַס און ערשראָקען.

הענרי איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען ביז׳ן באַנק, און אַלע אויגען האָבען זיך געריכטעט אויף יענעם פּלאַץ.

ער האָט אַראָפּגעכאַפּט אַ דעקע וואָס איז געווען פערשפּרייט, און מען האָט געזעהן אַ מענשליכע פאָרמע פערפלעקט אין בלוט.

— קוקט!!! — האָט הענרי נאָך אַ מאָל אויסגעשריען — אָט דאָס איז אַלעס וואָס איז איבערגעבליבען פון מיין פאָטער!

— אַ געשריי „אָה!” איז ארויס פון יעדענס ברוסט פון די אנוועזענדע, פּונקט ווי זיי וואָלטען אַלע מיט איין מאָל בעריהרט געוואָרען פון עלעקטריציטעט.

— מיין אָרמער פּאַטער! — האָט עדוואַרד אַ געשריי געגעבען און איז געפאַלען נעבען לעאָן אַדלער׳ס קערפּער.

— אָבער, קענט איהר דעם מערדער, אָדער די מערדער? — האָט לאָרד לייניאָן געפרעגט.

— אַך, גאָווערנאָר, ווען איך זאָל וויסען ווער די מערדערס זיינען, וואָלט איך יעצט ניט דאָ געווען.

— און אויף וועמען האָט איהר אַ חשד?

— איך ווייס גאָר ניט, גאָווערנאָר, העלפט איהר מיר געפינען די מערדערס. העלפט די גערעכטיגקייט, העלפט אונזער ראַכע!

— איך שווער אייך אַז די ראַכע וועט געשעהן — האָט לאָרד לייניאָן ערווידערט אין דער צייט ווען אַ טרעהר האָט זיך ארויסגע־קייקעלט פון זיינע אויגען.

— איך דאַנק אייך, גאָווערנאָר, מיר וועלען ראַכע נעמען אין נאָמען פון ענגלאַנד און אין נאָמען פון גערעכטיגקייט וואָס איז גע־שענדעט געוואָרען אויף אַזא ווילדען אָרט.

זעכצעהנטער קאַפּיטעל

## פאַרלאַנגט אַ קרבן

די גרויסע טראַגעדיע האָט געמאַכט איין ענדע פון באַל, און אַלע געסט האָבען זיך איינציגווייז צוריקגעצויגען מיט שטילע טרויער.

— פריינד דורגאַל — האָט דשעלאַלאַ געזאָגט ארויסגעהענ־דיג — מיר מוזען היינט אָוועננד באַשליסען וואָס צו טאָן. מיר האָבען פיעל צו ריידען קומט שוין צו מיר.

— איך פערשטעה עס, — האָט ער ערווידערט געבענדיג אַ וואונק מיט׳ן אויג.

דשעלאַלאַ׳ס פּאַלאַץ אין בענגאַל איז געווען פאַר אַלע איי־ראָפּעער אַ וואונדער פון קונסט. געבויט פון ראָזע גראַנאַט שטיינער מיט זיילען פון ווייסע מאַרמאָר. דער באַלקאָן האָט אַרויסגעקוקט אויף׳ן טייך גאַנגעס און אויף אַ גרויסען גאָרטען.

דשעלאלא האט ארייגעפיהרט דורגאל'ן אין א שעהנעם צימער וואו עס האט געברענט א דונקעלע לאמפ בעהאנגען מיט א רויטע שייד, די ווענד בעהאנגען מיט טייערע דראפערי וואס האבען ארויסגעגעבען א געהיימניספולע פארפומע.

— איך מוז אייך דא לאזען א ווײלע אליין, דורגאל, האט זי איהם געזאגט — איך וועל זיין צוריק אין צעהן מינוטען.

אין פונפצעהן מינוטען ארום איז זי ערשינען היימיש געקליי־דעט. זי האט פון זיך אראפגעווארפען איהר באל קלייד און האט ארויפגעצויגען א „ראפער" פון ווייסע מוסלין. איהר טאליע האט זיך געהאלטען אויף א גאלדענעם גארטעל וואס זי האט צוגעהאלטען. ווען זי איז אריינגעקומען, האט זי געהאלטען אין צושפילענען איהר גארטעל, וואס האט ניט געוואלט צוזאמען געהן. פונקט ווי איהרע געזונטע לענדען וואלטען זיך ניט געלאזט נעמען געפאנגען.

— קענט איהר מיר ניט העלפען, דורגאל? — האט זי גע־זאגט לאכענדיג.

דער ראדשאה האט זיך באלד געגעבען א חאפ אויסהעלפען זיין פריינדין, וועלכע האט אויפגעהויבעןביידע הענד, אין דער צייט ווען דורגאל האט פרובירט צושפילענען דעם גארטעל. מיט גרויס מיהע איז עס איהם געלונגען.

— ווי איך זעה, פרינצעסין — האט ער געזאגט — זייט איהר היינט פעטער געווארען פאר פרייד.

— אה ניין דורגאל, איך האב קיין פיעל פערגעניגען געהאט צו זעהן דעם אונגליקליכען הענרי.

— נאך האט איהר מיטלייד אויף איהם, פרינצעסין? — האט דורגאל אויסגעשריען — האט איהר שוין פארגעסען ווי ער האט אייך בעליידיגט?

— דאך ליגט ניט אין מיין נאטור צו זעהן מיט די אויגען ווי איינער ליידעט. עס איז וואהר איך בין געשטאנען דערביי ווי מיר האבען אפגערעכנט דעם אלטען אדלער פון וועג, נור דארום ווייל ער איז געווען געפעהרליך פאר מיין עקזיסטענץ ווי אויך פאר די עקזיס־טענץ פון אונזער נאציאן. נור יעצט, מיין פריינד, לאמיר ריידען פון וויכטיגע זאכען. מיר מוזען זעהן ווי אזוי אראפצווארפען פון אונז די מינדעסטע פערדאכט. דער טויט פון לעאן אדלער וועט דאך

מאַכען מאָרגען אַ שטורם אין דער גאַנצע ענגלישע קאָלאָניע און מיר מוזען זעהן בעוואָרענען אַ מיר זאָלען ניט אריינפאַלען.

— איך פערשטעה — האָט דער הינדו פּרינץ געענטפּערט.

— פערשטעהן איז ניט גענוג, מיין ליבער דורגאַל, זאָגט מיר בעסער וואָס מען טהוט? אויף וועמעס קאָפּ ווארפט מען ארויף דעם מאָרד?

— איך האָב שוין.

— ווער?

— איהר וועט שוין וויסען.

— איך לעז אייער געדאַנק, דורגאַל.

— וואָס?

— איהר שרעקט אייך צופיעל.

— עס איז אמת, פּרינצעסין.

— אָבער, ווער שרעקט אייך?

— הענרי אַדלער.

— ווארום?

— ווייל איך זעה אין איהם אַ שרעקליכען פיינד: ער איז קלוג, ער איז מוטהיג, און ער איז אומשטאַנד צו טאָן אַלעס אָבי ראַכע צו־נעמען פאַר זיין ערמאָרדעטען פאָטער.

— איך קען איהם שטיל מאַכען, דורגאַל.

— ווי אַזוי? ער היט זיך דאָך.

— זיין היטען וועט איהם ניט העלפען.

— מאָרגען וועט ער אונז ניט קאָנען שאַדען.

— איהם טויטען?

— אָה ניין, דאָס ניט.

— אַלזאָ, ווי אַזוי קען דאָס געשעהן מאָרגען.

— עס קען נור געשעהן היינט, דען עס איז שוין 2 אוהר באַ־גינען.

— האָט איהר שוין אייער פּלאַן, פּרינצעסין?

— יאַ.

— ועל איך אויך אַ ראָלע האָבען.

— געוויס, דורגאַל.

— ווי איך זעה אַלזאָ, פּרינצעסין, האָבען מיר זיך ביידע צו־

געטראָפען אויף'ן זעלבען פּלאַן. ניט וואָהר אַז אונזערע צוויי הער־צער פערשטעהען זיך?

דורגאַל האָט איהר אַ ציה געטאָן צו זיך אויף'ן זאַפאַ ווען זיי זיינען געזעסען, און האָט מיט ליידענשאַפט געקוסט איהרע האָאר פון קאָפּ.

— ניט וואָהר דורגאַל, אַז איך האָב אַ קאָפּ אויף מיינע שול־טערען? — האָט זי געזאָגט איהם קוקענדיג אין די אויגען און זיך אנשפּאַרענדיג אַן זיין שולטער.

קיין ענטפער.

— דורגאַל! מיר ריידען דאָך יעצט עטוואָס וויכטיגעס, וואָ־רום הערט איהר ניט וואָס איך זאָג אייך?

— אָה יאָ, פּרינצעסין.

— וואָס יאָ?

— איהר האָט וואונדער שעהנע שולטערען, און אויף זיי אַ גוטען געזונטען קאָפּ וואָס פערשטעהט ווי צו מאַכען פּלענער.

— וועט איהר אָבער טאָן וואָס איך וועל אייך הייסען?

— אַלעס.

— אַלזאָ אונזער פּלאַן איז אַזוי — האָט דשעלאַלאַ געזאָגט.

וואָס זיי האָבען באַשלאָסען צווישען זיך וועט דער לעזער שפּעטער ערפאַהרען. עס איז גענוג פאַר אונז צו וויסען פאָרלויפיג, אַז נאָכדעם ווי די צוויי הינדוס, ער און זי, האָבען געענדיגט זייער געשפּרעך, זיינען זיי געווען ביידע אַזוי צופרידען, אַז זיי האָבען זיך צוקוסט פאַר פרייד, און זי האָט איהם געלאַדען עטוואָס צו עסען.
— עסען! זיי האָבען מעהר געטרונקען ווי געגעסען, און 4 באַגינען, ווען דורגאַל האָט פאַרלאָזען איהר פּאַלאַץ, איז זי געלעגען אויף'ן זאַפאַ דאָס געזיכט רויט ווי אַ פלאַם, די האָאר צעלאָזען אויף איהרע שולטערען ווי אַ באַרג זיידענע האָאר און איהר גאָלדענער גאַרטעל האָט אַרומשפּאַצירט אונטערן טיש.

עס איז שוין געווען גוט באַגינען ווען דשעלאַלאַ איז אויפגע־שטאַנען פון זאַפאַ צו געהן שלאָפען אין איהר בעט. זי האָט זיך אַרויפגעצויגען אַ זיידענע שלאָף העמד, לאַנג ביז דער ערד, אָבער, וואָס איז געלעגען אויף איהר אָבגעגאָסען ווי אַ האַנדשוה. זי האָט

זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט, האָט זיך פֿאַרטראַכט, און פּונקט ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט האָט זי אָנגעקלונגען א גלעקיל.

סאָגאַר, דער גרויסער הינדו, דער הויפּט פֿון איהר לייב גוואַר־דיע, האָט זיך בעוויזען.

— דו ווייסט שוין עפּעס? — האָט זי איהם געפֿרעגט.

— אַלעס פּרינצעסין.

— ווי אַזוי?

— איך האָב געזוכט און געפֿונען.

— דערציייל מיר, סאָגאַר.

— די נאַכט ווען מיר האָבען לעאָן אַדלער הינגעריכטעט, האָט זיך גראָדע פֿערגלוסט זיין זוהן העגרי צו מאַכען א באַזוך האַלבע נאַכט אויף׳ן בית־עולם פֿון די עלעפֿאַנטען זעהן די צערעמאָניע, און דורך א נאַטירליכען צופֿאַל האָט ער געטראָפֿען דעם קערפּער פֿון זיין פֿאָטער.

— ווער האָט דיר אַלעס דערציילט?

— די צוויי הינדוס וועלכע האָבען העגרי׳ן בעגלייטעט אויף׳ן פֿערד.

— זיינען דיזע צוויי הינדוס אונזערע?

— יאָ, פּרינצעסין, זיי געהערען צו אונזער בונד און זיי זיינען שוין לאַנג פֿאַרשוואָרען צו אונזער געהיימנים.

— קען מען זיך אויף זיי פֿאַרלאָזען?

— קיין צווייפֿעל. דער קליינער קאַזיל איז אויך געוועזען מיט זיי.

— געה, סאָגאַר, און גיב זיי איבער א פּאַפּיר זיי זאָלען עס אָוועקטראָגען צום גאָווערנאַר לייניאָן וואָס גיכער. ערקלעהר זיי אויך גוט און דייטליך וואָס זיי האָבען צו טאָן.

דשעלאַלאַ האָט ערקלערט סאָגאַר׳ן וואָס ער האָט צו ריידען מיט די צוויי הינדוס, און ער איז פֿאַרשוואונדען.

מיד און שלעפֿערדיג איז זי אין בעט אריין. זי האָט ווידער גע־קלונגען פֿון בעט, און איינער פֿון איהרע אדיוטאַנטען, א יונגער קאַוואַליער מיט א פּרויען געזיכט האָט זיך באַוויזען מיט א טאַס שאָקאָלאַדע.

— איך האָב נאָך דריי שטונדען רוה — האָט זי געמורמעלט ווען דער אדיוטאַנט האָט אַראָפּגעצויגען די שווערע סאַמעטענע גאַרדינען איבער די צוויי פענסטער פון געהיימניספולען צימער.

עס איז געוועזען צעהן אוהר מאָרגענס ווען סאַגאַר האָט איבער־געגעבען די צוויי הינדוס געוויסע פּאַפּירען זיי זאָלען עס אוועקליי־גען שטילערהייט, אויב מעגליך, אויף׳ן שרייב טיש פון לאָרד ליי־ניאָן.

— אָבער מיר האָבען מורא פאַר קאַזיל, — האָבען זיי געמור־מעלט צו סאַגאַר — דען קאַזיל איז ביים דעם גאָווערנאָר זייט געסטערן, מיר ווייסען ניט וועגען וואָס.

— דער קליינער דאַרף קיין זאַך ניט זעהן, און זאָגאָר ווען יאָ, איז אויך גאָרניט — האָט סאַגאַר ערווידערט — ווייל ער איז אַ פרומער הינדו און ועט זיינע ברידער ניעמאַלס אַרויסגעבען אַפילו ווען ער וועט עפּעס מערקען.

— גוט, מיר טהוען אייער באַפעהל.

— עס איז ניט מיין בעפעהל, איהר נאַרען — האָט זיך סאַגאַר צולאַכט — עס איז דער באַפעהל פון דער פרינצעסין, דער הייליגער בעפעהל פון אונזערע געטער, פערשטעהט איהר?

די צוויי הינדוס האָבען זיך פערניינגט און זיינען באַלד פאַר־שוואונדען, אין דער צייט ווען סאַגאַר איז צוריקגעגאַנגען צו זיין ווירטהין איהר איבערגעבען די נייעס, אַז ער האָט אָבגעטאָן זיין שליחות.

מיט אַ שטונדע שפּעטער האָבען זיי אַרויפגעוואָרפען אויף׳ן שרייב טיש פון גאָווערנאָר די געהיימע דאָקומענטען. אָבער אַזוי ווי זיי האָבען געמערקט אַז קאַזיל איז עטוואָס אונרוהיג, האָבען זיי איהם בעשוואָרען אין נאָמען פון סיוואַ, אַז ער זאָל ניט וואָגען צו זאָגען ווען מען וועט איהם עפּעס פרעגען.

— וואָס וועט מען מיך פרעגען? — האָט קאַזיל געמורמעלט מיט שרעק, ניט וויסענדיג וואָס זיי מיינען.

—אַלעס וואָס האָט עפּעס צו טאָן מיט׳ן טויט פון לעאָן אדלער, דען מיר ווילען אַליין געפינען דעם מערדער און מאַכען דעם גאָווער־נאָר איין איבערראַשונג.

— אַבער, דער גאָווערנאָר —

— ניטאָ קיין „אַבער"! האַלט דיין צונג און זאָג אויף אַלעם אַז דו ווייסט פון קיין זאַך ניט.

אַ לאַקיי האָט אָנגעצייגט אַז דער גאָווערנאָר צוזאַמען מיט הענרי און עדוואַרד זיינען אָנגעקומען. אַ דאָקטאָר האָט זיי באַ־גלייטעט.

קאַזיל האָט זיך צוריקגעצויגען.

— האָט איהר געענדיגט אייער אונטערזוכונג, דאָקטאָר די־ווידאָנע? האָט איהם דער גאָווערנאָר געפרעגט.

— יאָ, מיין לאָרד.

— וואָס איז דער רעזולטאַט פון אייער, אונטערזוכונג דאָקטאָר?

— לעאָן אַדלער איז געפאַלען ווי פון אַ דונער שלאַג, ווייל דער מעסער האָט דורכגעלעכערט זיין האַרץ, און דער טויט איז געווען מאָמענטאַל.

— איהר זייט גערעכט דאָקטאָר — האָט הענרי זיך אריינ־געמישט — און אָט האָב איך דעם מעסער וואָס איך האָב געפונען שטעקען אין מיין פאָטער'ס קערפער.

דער דאָקטאָר דיווידאָנע האָט גענומען דעם מעסער און האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף'ן קלונג דורך אַ פערגעסער גלאָז.

— אַך באַנדיטען! — האָט ער אויסגעשריען — ניט גענוג אַזאַ שפּיציגער און ברייטער קלינג, איז עס נאָך געווען פערגיפטעט!

— איך זעה נאָך עפּעס מעהר אויף'ן מעסער — האָט לאָרד לייניאָן געזאָגט עס אָנרירענדיג — איך זעה דאָ אויסגעקריצט ווערטער און דעם גאָט סיוואַ.

— דער גאָט פון מאָרד און רויב! — האָט הענרי געמורמעלט.

— עס איז דאָך אַלזאָ קיין צווייפעל אַז הינדוס האָבען ער־מאָרדעט אונזער פריינד — האָט דער גאָווערנאָר באַמערקט מיט אַ זיפץ.

— און איך דיינק — האָט דער דאָקטאָר איבערגעשלאָגען דעם גאָווערנאָר — אַז אַ הינדו מעסער קען זיך אויך געפינען אין

די הענד פון איין אייראפּעער. מיר מוזען בעסערע בעווייזע האבען ווי דאס.

— עס איז אבער אונמעגליך אז איין אייראפּעער זאל האבען בעגאנגען אזא מארד! — האט הענרי אויסגערופען מיט אונגעדולד.

— קיין זאך איז ניט אונמעגליך, יונגער מאן, ווען עס האנדעלט זיך פון א מארד — האט דער גאווערנאר ערווידערט — איבערהויפּט אין אזא פאל וואו די מערדערס האבען קיין זאך ניט גערויבט.

— האט אייער פאטער געהאט פיינדע? — האט דער דאקטאר געפרעגט.

— וועלכער מענש האט קיינע פיינד היינטיגע צייטען? — האט עדוואַרד זיך אריינגעמישט.

— ענשולדיגט — האט הענרי איהם איבערגעשלאגען — מיין פאטער האט אין דיזען לאנד זעהר פיעל שונאים געהאט. מיין זעליגער פאטער האט מיט מיר קארעספּאנדירט איבער א יאהר און ער האט מיר געגעבען אנצוהערען פון א גרויסע פאנאטישע באנדע מערדער וועלכע האבען געמאכט א פארשווערונג צו פערטרייבען ענגלאנד פון אינדיען. איך דיינק אלזא אז מיין פאטער איז גע־שטארבען א קרבן פיר זיין פליכט, ווייל די באנדיטען האבען געוויס ערפארען אז מיין פאטער ווייסט שוין צופיעל.

— ביסט גערעכט, ברודער. ביסט גערעכט! — האט עדוואַרד איינגעשטימט — אנדערס קען מען דיזען מארד ניט ערקלערען.

ביי דיזע ווערטער האט לארד לייניאן געקלונגען א גלעקעל און גערופען זיין לאקיי.

— איז קאזיל דא?

— יא, מיין לארד.

זאל ער שוין אריינקומען.

קאזיל האט זיך באוויזען און דער גאווערנאר האט איהם גע־הייסען זיך זעצען.

---

זיעבצעהנטער קאפּיטעל

# די בלוטיגע באשולדיגונג

— הער נור קאזיל — האָט לאָרד לייניאָן אָנגעפאנגען צום קליינעם הינדו  דו ווייסט גוט אז סער לעאָן אָדלער האָט דיר געהאַלטען אין הויז ניט ווי א דינער, נור כמעט ווי איין אייגענעם. אויב דו ווייסט ווער עס האָט דיזען מאָרד בעגאַנגען אָדער וועמעס פּלאַן דאָס איז געווען זאָלסטו זאָגען.

— איך ווייס קיין זאך ניט — האָט קאזיל געענטפערט ער־שראָקען — בלויז אז איך בעגלייטעט יענע נאכט סער הענרי און עס איז געווען זעהר א פינסטערע נאכט. איך האָב קיין מערדער געזען. אך מיין לאָרד, ווי איך האָב געליעבט דיזען גוטען מאַן!

הענרי און עדוואַרד האָבען געקוקט קאזיל'ן אין געזיכט.

אין דיזער ווײַלע האָט זיך דער לאַקיי באוויזען און אָנגעצייגט אז די פּרינצעסין דשעלאַלאַ וויל ריידען מיט'ן גאָווערנאָר.

— דשעלאַלאַ איז יעצט היער!—האָט לאָרד לייניאָן אויסגערו־פען — וואָס קען דאָס בעטייטען? וואהרשיינליך בריינגט זי נייעס וועגען כ'אָרד.

— וואָהרשיינליך — האָט עדוואַרד איינגעשטימט.

— ווייסט איהר וואָס מיינע פריינדע? — האָט דער גאָווער־נאָר צו זיי געזאָגט — געהט איהר אריין אויף א ווײַלע אין א זייט צימער, פיליכט האָט זי צו ריידען מיט מיר עפּעס פּריוואַט.

ביידע ברידער און דער דאָקטאָר זיינען ארויס פון צימער, דער לאַקיי האָט אריינגעפיהרט דשעלאַלאַ'ן.

זי האָט אויסגעזעהן זעהר רוהיג און קאַלטבליטיג, דער גאָווער־נאָר איז געגאַנגען איהר ענטקעגען און איהר פריינדליך באגריסט.

— ווילקאָמען, פּרינצעסין — האָט ער אויסגעשריען איהר רייכענדיג די האַנד — בריינגט איהר מיר נייעס?

— וועלכע נייעס?

— פון מאָרד.

— אָה, איהר מיינט, מיין לאָרד, פון סער לעאָן אַדלער׳ס מאָרד. איך ווייס לײדער גאָרניט, און איך בין עס געקומען ביי אייך אויסגעפינען. האָט איהר שוין אַ שפור?

— קיין שפור, פּרינצעסין.

— און די פּאָליציי? געפינט זי גאָרניט?

— איהר ווייסט דאָך אַז די פּאָליציי געפינט אימער אויס דעם ערמאָרדעטען, אָבער זעהר זעלטען די מערדער.

דשעלאַלאַ האָט געגעבען אַ שמייכעל און געזאָגט:

— דאָס איז קיין גרויסער קאָמפּלימענט פאר די ענגלישע פּאָליציי אין אינדיען.

— יאַ פּרינצעסין, מיר זיינען אַלע זייער נייגעריג צו וויסען ווער דער מערדער איז. ווייל דיזער מערדער האָט פערוואָלקענט אַלע ענגלישע הייזער אין הינדיען.

— אַזאַ מאָרד קען אָבער ניט בלייבען קיין אייביגע געהיימ־ניס — האָט זי אויסגערופען מיט אַ זעהר ערנסטע מינע — און מען וועט עס געוויס קירצליך אויסגעפינען. אַרמער לעאָן אַדלער! ער איז געוועזען אַזאַ בריליאַנטענער מענש מיט אַזאַ עדעלע זעעלע! ער שטעהט מיר פאר די אויגען מיט זיינע ברייטע שולטערען, מיט זיין שעהנעם קאָפּ און זיין זיסען בליק.

— יאַ פּרינצעסין, אַלע בעדויערען איהם.

— פיליכט, מיין לאָרד — האָט זי ווייטער געזאָגט — קען איך אייך ניצליך זיין אין דיזע טראַגעדיע? איהר ווייסט דאָך אַז איך האָב גענוג איינפלוס אין פּראָווינץ פון בענגאַל. איהר מעגט יעדענפאַלס צעהלען אויף מיר.

— איך דאַנק אייך פּרינצעסין פאר די אינטערעסע וואָס איהר נעמט.

— דער ראַדשאַה דורגאַל סאַהיב וויל זעהן דעם גאָווערנאָר — האָט דער לאָקיי אָנגעזייגט אין מיטען דערינען.

— ווער? דער ראַדשאַה דורגאַל! — האָבען אויסגערופען מיט איבעררּאַשונג ביידע מיט אַמאָל, לאָרד לייניאָן און דשעלאַלאַ.

דשעלאַלאַ האָט געוואָלט אַרויסגעהן, פונקט ווי זי וויל דערביי ניט זיין.

— וואָרום פּרינצעסין, ווילט איהר מיר אַזוי שנעל פאַרלאַ־
זען? — האָט דער גאָווערנאָר געפרעגט.

— פיליכט בין איך אין אייער וועג — האָט זי געענטפערט
— און עס קען זיין אַז איהר ביידע האָט צו ריידען עטוואָס פּריוואַט.

אָבער, איידער זי האָט געענדיגט ריידען, האָט זיך באַוויזען
דורגאַל.

— פון מיינטוועגען קענט איהר היער בלייבען, פּרינצעסין —
האָט ער געזאָגט — איך האָב פאַר אייך קיינע געהיימניסע. דאָס
וואָס איך קום יעצט מיטטהיילען דעם גאָווערנאָר מעגט איהר
הערען. וואָס מאַכט איהר לאָרד גאָווערנאָר?

נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אַלע בעגריסט, האָט דער גאָווערנאָר
זיי געבעטען זיך זעצען.

— אָבער, וואָס איז אייך היינט, דורגאַל? — האָט זי איהם
געפרעגט — איהר שיינט צו זיין זעהר אונרוהיג איבערראַשט און
פערזאָרגט. וואָס בעטייט אייער קומען אַהער?

— יאָ, וועלכע נייעס ברייננט איהר מיר פרינץ? — האָט
לייניאָן פון זיין זייט געפרעגט.

— וועלכע נייעס איך ברייננ אייך! שרעקליכע נייעס!

— שרעקליכע?

— יאָ, מיין לאָרד.

— אָבער וואָס?

— דעם נאָמען פון סער לעאָן אַדלער׳ס מערדער.

— איהר מיינט, אויב איך האָב אייך גוט פערשטאַנען, אַז
איהר ווייסט דעם נאָמען פון סער לעאָן אַדלער׳ס מערדער?

— יאָ מיין לאָרד.

— דאָס איז אַלזאָ גוטע נייעס, קיינע שרעקליכע האָט דשע־
לאַלאַ איהם אונטערבראָכען.

אין דיזע ווייַלע האָבען ביידע ברידער, הענרי און עדוואַרד,
וועלכע זיינען געוועזען אין זייט צימער צוזאַמען מיט׳ן דאָקטאָר, גע־
עפענט אַביסעל די גאַרדינען פון טיהר כדי זיי זאָלען קאָנען בעסער
הערען. אָבער געוויזען האָבען זיי זיך נים.

— איהר האָט ענדעקט דעם מערדער? — האָט דשעלאַלאַ
ווייטער געפרעגט.

— יא פרינצעסין.

נון, ווער איז ער? — האט לארד לייניאן מיט אונגעדולד געפרעגט.

— דער מערדער איז — האט דורגאל געשטאמעלט אראב־לאזענדיג די אויגען — דער מערדער איז קיין אנדערער ווי דער זוהן, איך מיין העגרי אדלער!

העגרי און עדווארד האבען ביידע געגעבען א שפרונג פון הינטערען פארהאנג, די בעשולדיגונג האט זיי ביידען געגעבען איין ריס אין זייערע הערצער.

דשעלאלא האט אבגעקעהרט א ווײלע איהרע אויגען אן א זייט פונקט ווי די נייעס וואלט איהר פארטומעלט.

ביידע זיהן און דער דאקטאר האבען זיך באוויזען. העגרי האט אנגעקוקט זיין בעשולדיגער און געשוויגען, אין דער צייט ווען עדווארד האט געגעבען א שפרונג צוויי טריט פאראוים און אויס־געשריען:

— ווען וואגט איהר צו בעשולדיגען, הא?

— אך, עס קען ניט זיין — האט דער גאווערנאר געזאגט.

— עס איז נאך מעהר ווי לעבערליך — האט דער דאקטאר מיטגעשטימט.

— הערט נור, דורגאל — האט דשעלאלא זיך אריינגעמישט — איהר דארפט ניט פארגעסען אז צו אזא שרעקליכע באשולדיגונג מוז מען האבען גוטע בעווייזע.

— ענטשולדיגט מיר אלע — האט העגרי זיי אונטערברא־כען — איך אליין בין דער בעשולדיגטער און איך האב דאס ווארט!

— זאגט מיר פרינץ — האט ער זיך געווענדעט צו דורגאל — איך ווייס אז איהר שטאמט פון א הויכען ראנג. איהר האט געמוזט גוט ליעבען מיין פאטער אז איהר האט די מיה גענומען אזוי גיך צו געפינען מיין פאטער'ס מערדער.

— יא, איך האב אימער געשעצט סער לעאן אדלער, און מיין גרעסטער פערגעניגען וועט זיין ראכע צו נעמען פון זיין מערדער.

— אלזא, בלויז ריינע ליעבע צו מיין פאטער האט אייך גע־בראכט איהר זאלט אויסגעפינען און ארויסגעבען דעם מערדער פון מיין פאטער?

— יא, נור ניט דאָס אַליין, זאָנדערן איך וויל אויך דערמיט באַווייזען אַז איך בין אימער דער פריינד פון ענגלאַנד און אינדיען.

— און איהר קענט באַווייזען, זאָגט איהר, אַז איך בין דער מערדער?

— איך קען באַווייזען.

— וואָס?

— איבערצוגעבען אין די הענד פון ענגלישע גערעכטיגקייט דעם מערדער פון איין ענגלענדער.

— און דער מערדער בין איך, איך הענרי אַדלער?

— יא איהר?

— זייט איהר זיכער?

— איך האָב גענוג באַווייזע.

— אַרויס מיט אייערע בעווייזע, שנעל — האָט הענרי געדאָנערט.

— יא פּרינץ — האָט דשעלאַלאַ מיטגעהאַלטען מיט הענרי — איהר מוזט אַרויסקומען מיט אייערע באַווייזע.

— אָבער, וואָרום פערטהיידיגט איהר מיר, מאַדאַם? — האָט הענרי איהר אונטערבראָכען.

— ווייל איך ווייס — האָט זי ערווידערט — אַז סער לעאָן אַדלער איז געוועזן די זעעלע פון עהרליכקייט, און עס גלויבט זיך מיר ניט אַז אַזאַ עהרליכער גוטער מענש זאָל זיין דער פאָטער פון אַ מערדער.

הענרי האָט געוואָרפען אויף דשעלאַלאַ'ן אַ בליק פון פערדאַכט און האָט ווייטער גערעדט צו זיין בעשולדיגער:

— און וואָס דיינקט איהר איז געוועזן די אורזאַכע פון מיין מאָרד?

— איך ווייס פון קיין אורזאַכע, און איך וויל ניט וויסען — האָט דורגאַל ערווידערט מיט שטאָלץ — איך בין קיין ריכטער בלויז אַ בעשולדיגער. וואָס ווייס איך, פאַרוואָס איהר האָט אייער פאָטער ערמאָרדעט? דאָס האַרץ פון מענשען האָט זעלכע פערבאָרגענע חדרים'לאַך אַז קיינער קען דאָרט ניט אַריינדרינגען. עס קען זיין אַז איהר האָט איהם ערמאָרדעט ווייל איהר זיינט געראָדע יענע ווייַלע אַראָפּ פון זינען. עס קען אויך זיין אַז די ליעבע צו גאָלד האָט

איך געבראַכט דיזען מאָרד, און איהר האָט געוואָלט וואָס גיכער אָפּנעמען די פעטע ירושה. נור, וואָס געהט מיר אָן פאַרוואָס? איך זעה דאָס פערברעכען און ווייז אָן דעם פאַרברעכער. איך האָב מיין פליכט אָפּגעטאָן.

— ענגלאַנד וועט אייך דאַנקבאַר זיין — האָט הענרי באַ־מערקט מיט אַ בייסענדיגען טאָן — און איך דאַנק אייך וואָס איהר זוכט ראַכע צו נעמען פון מיין פאָטער׳ס מערדער.

— דאַנקט מיר ניט און פערגעסט ניט מיט וועמען איהר רעדט.

— איך פאַרגעס גאָר ניט, נור ערלויבט מיר אייך צו פרעגען, ווי באַלד אַז איהר זיינט געווען אַזאַ פריינד פון מיין פאָטער, האָט ער אייך ווען פערטרויט די געהיימניס אַז ער איז געווען אין גע־פאַהר ערמאָרדעט צו ווערען פון אַ באַנדע גאַרגיל שניידערס וועלכע ער האָט געזוכט אַרויסצוגעבען? האָט ער אייך ווען פערטרויט דיזע געהיימניס?

— ניעמאָלס, איך גלויב ניט אין זעלכע באָבע מעשיות וואָס איהר טראַכט אויס אום זיך ריין צו וואַשען פון מאָרד.

— געמיינער ליגנער וואָס איהר זיינט! האָט הענרי אויסגע־שריען קלאַפּענדיג מיט׳ן פויסט אָן טיש אין דער צייט ווען עדוואַרד, דער גאָווערנאָר אין דשעלאַלאַ האָבען דעם אונגליקליכען בארוהיגט.

אכטצעהנטער קאַפּיטעל

## די פאַלשע עדות

נאָכדעם ווי דער גאָווערנאָר האָט בערוהיגט הענרין און דור־גאַל׳ן, האָט דער לאַקיי געזאָגט אַז צוויי הינדוס ווילען איהם זעהן.

ווי נור זיי זיינען אריין, האָט הענרי באַלד דערקענט אין זיי די צוויי בעגלייטער וועלכע קאַזיל האָט מיטגענומען האַלבע נאַכט אויף׳ן בית־עולם פון די עלעפאַנטען.

— אָט זיינט איהר! — האָט הענרי אויסגעשריען — און ענטפערט מיר וואָס איך וועל אייך פרעגען. איך בין באַשולדיגט אַז איך האָב באַגאַנגען אַ שרעקליכעם פאַרברעכען. דערציילט איהר

אלזא אלעס וואס האט מיט אונז פאסירט יענע נאכט ווען איהר האט מיר בעגלייט אויף יענעם פלאץ.

— יא, איהר קענט זאגען אלעס, איהר מוזט זאגען אלעס — האט דער גאווערנאר צוגעזעצט.

— איך שווער ביים גאט סיווא — האט דער ערשטער הינדו געזאגט.

— און איך שווער ביי דער געטין באוואני — האט דער אנדערער ווידערהאלט.

— אלזא, וואס ווייסט איהר?

— מיין לארד — האט דער ערשטער אנגעפאנגען — די נאכט פון מארד האט דיזער מאן (ווייזענדיג אויף העגריין') געוואלט געהן אויף'ן בית־עולם פון די עלעפאנטען, און מיר האבען איהם גענוג געבעטען ער זאל דארט ניט געהן. ער איז אבער אריין גאנץ אליין.

— ליגנער! — האט העגרי איהם אונטערבראכען.

— מיר האבען אבער ניט געוואלט מיטגעהן מיט איהם — האט ער ווייטער געזאגט — און ער איז דארט אליין אריין אין דער צייט ווען מיר האבען געווארט פון יענער זייט טויער אונטערן בארג. אין א פערטיל שטונדע ארום נאכדעם ווי ער איז אריין, האבען מיר געהערט א געשריי.

— אך די לומפען! — האט העגרי געקריצט מיט די ציין.

— ענדליך — האט דער צווייטער הינדו זיך אריינגעמישט — זיינען מיר נייגעריג געווארען אז אונזער נייגערדע האט איבערשטייגט אונזער שרעק און מיר זיינען אריין אין דעם הייליגען פלאץ. מיר האבען געזען ווי סער העגרי שטעהט אריבערגעבויגען איבער סער לעאן וועלכער האט נאך געקרעכצט און האט ארויסגעצויגען פון זיין קערפער א בלוטיגען מעסער.

עדווארד האט בעהאלטען זיין געזיכט אין די הענד.

העגרי האט זיך אומגעקעהרט צו די עדות, בלאס ווי א טוט, און געזאגט:

— דער מעסער וואס האט ערמארדעט איז געווען א הינדו מעסער. איבעריגענס, איהר זיינט געמיינע ליגנער!

— איך פערשטעה ניט וואס פאר א אינטערעסע דיזע צוויי לייט האבען צו זאגען ליגען — האט דורגאל בעמערקט.

— מיין לארד — האט זיך אריינגעמישט דשעלאלא וועלכע האט די גאנצע צייט געשוויגען — פאלשקייט קען ניט לאנג אנהאלטען. אין פאל ווען דיזע צוויי הינדוס זאלען ליגען וועלען מיר עס באלד אויסגעפינען. אבוואהל איך בין איבערצייגט אז א הינדו וועט ניט שווערען פאלש, וועט דאך ניט איבעריג זיין זיי ווייטער נאכצופארשען. מיין ראטה איז אלזא, מיין לארד, איהר זאלט פרעגען דעם קליינעם קאזיל. ער וועט געוויס זאגען די וואהרהייט.

— יא, מיין לארד — האט הענרי צוגעשטימט — ער וועט אייך זאגען אז ער האט מיר ניט איין מינוט פערלארען ווען מיר זיינען געווען יענע נאכט אויף'ן בית־עולם פון די עלעפאנטען. רופט אריין קאזיל.

קאזיל האט זיך באוויזען.

— זאג די וואהרהייט — האט הענרי צו איהם אנגעפאנגען — ביסטו ניט מיטגעגאנגען מיט מיר ווען מיר זיינען אריין יענע נאכט דארט? ביסטו ניט געווען דער ערשטער וואס האט געפונען מיין פאטער'ס קערפער, איידער איך בין נאך צוגעגאנגען צו איהם? זאג, איז דאס ניט די וואהרהייט?

דער יונגער הינדו האט אראפגעלאזען די אויגען און געמורמעלט:

— ניין.

— וואס! — האט דשעלאלא אויסגעשריען — אויך קאזיל בעשולדיגט איהם!

עדווארד איז געבליבען שטעהן ווי פערשטיינערט, דער דאקטאר האט זיך געגעבען א קרים און נור דער גאווערנאר אליין האט זיך פערהאלטען רוהיג און קאלטבלוטיג. אויף לארד לייניאן'ס געזיכט האט מען קיין זאך ניט געקענט לעזען.

— וואס הערען מיינע אויערען! — האט הענרי אויסגעשריען מיט א פערצווייפעלטע שטימע, און האט זיך געגעבען א חאפ מיטביידע הענד פאר'ן קאפ.

קאזיל איז געוויס אויך א ליגנער! — האט דורגאל געזאגט מיט א טייפלעשען שמייכעלע.

— דאָס איז דאָך שרעקליך! — האָט דשעלאַלאַ אויסגעשריען. הענרי האָט אויף איהר געוואָרפען אַ בליק פון פערדאַכט און מיט אַ בייסענדען טאָן האָט ער געשמאָמעלט.

— עס ריהרט אייך ביים הארצען, מאַדאַם.

— וואָס האָט איהר צו זאָגען? — האָט דער גאָווערנאָר גע־פרעגט אונזער בעשולדיגטען העלד.

— גאָר ניט, מיין לאָרד.

אָבער וואָס הייסט גאָר ניט? האָט איהר קיין פערטהיידיגונג געגען דיזע שווערע בעשולדיגונג?

— וואָס קען מיין זאָגען העלפען?

— אַלזאָ — האָט דער גאָווערנאָר ווייטער געפרעגט — איהר זאָגט גאָר ניט?

— גאָר ניט — האָט הענרי ווידערהאָלט.

— שיקט מיר באַלד אריין דעם לייטענאַנט מידליי מיט איי־ניגע שזאַנדאַרען — האָט דער גאָווערנאָר קאָמאַנדירט דורך זיין לאַקיי.

דאָס צימער איז געוואָרען שטיל ווי אַ בית עולם.

און איהר פרינץ — האָט זיך דער גאָווערנאָר געווענדעט צו דורגאַל — איך דאַנק אייך וואָס איהר העלפט די גערעכטיגקייט זיעגען, איהר האָט ארויסגעגעבען אַ גרויסען פערברעכער. יעצט בלייבט מיר איבער איך זאָל איהם איבערגעבען אין די הענד פון ענגלישע גערעכטיגקייט.

ענגלישע גערעכטיגקייט — האָט דשעלאַלאַ געמורמעלט צו זיך אַליין — דאָס איז דשעלאַלאַ'ס גערעכטיגקייט.

— אַך סער הענרי! — האָט זי זיך געווענדעט צום אונגליק־ליכען — איך האָב דאָס קיין מאָל ניט געטראַכט אַז איך זאָל האָבען אַזאַ אירטהום אין אייך. איך האָב אַזוי געגלויבט אין אייער איי־דעלקייט.

הענרי'ס איינציגער ענטפער איז געווען אַ בליק פון פעראַכטונג.

אין דיזע ווייל האָט זיך די טיר געעפענט און דער לייטענאַנט מעדליי מיט הינדו זשאַנדאַרען (סעפּאָיעס) זיינען ערשינען.

— לייטענאַנט — האָט דער גאָווערנאָר געזאָגט — סער הענרי אַדלער איז אייער געפאַנגענער.

דער יונגער אָפיציר וועלכער האָט גוט געקענט דעם בעשולדיגטען, איז איבערראשט געוואָרען.

— איהר זאָלט איהם אוועקפיהרען אין פעסטונג — האָט לאָרד לייניאָן געזאָגט צום לייטענאנט — די פאפירען קומען נאָך.

— רייכט מיר אייער אָרעם — האָט דשעלאַלאַ געזאָגט צו דורגאַל׳ן ארויסגעהענדיג — לאָמיר געהן זיך דורכריידען אין מיין פאלאַץ.

— זיך ווידער דורכריידען — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל — ווער ווייסט וואָס עס וועט ווייטער ארויסקומען פון אונזערע סודות?

— עדוואַרד און דער דאָקטאָר האָבעןביידע געוואָלט מיטגעהן מיט׳ן געפאנגענעם איהם בעגלייטען אין פעסטונג. אָבער, דער גאָווערנאָר האָט זיי אָבגעהאַלטען און האָט צו זיי געזאָגט:

— מיינע הערען, איהר בלייבט מיט מיר. איך האָב זעהר וויכטיגעס מיט אייך צו ריידען.

נײַנצעהנטער קאַפּיטעל

# ליעבע געגען ליעבע

ווי דורגאַל מיט זיין פריינדין זיינען ארוים פון הויף האָט זי איהם געמאַכט דעם פאָלגענדען קאָמפּלימענט:

— איך גראַטוליר אייך, מיין פריינד, איהר האָט אייך ווירקליך איבערטראָפען. בעסער האָט מען גאָר ניט געקענט ערווארטען.

— אַלזאָ, איהר זייט צופריעדען מיט מיר?

— און ווי נאָך צופרידען! — האָט דשעלאַלאַ געזאָגט איהם געבענדיג אַ דריק צו זיך אריינקריכענדיג אין קארעטע, וואָס האָט געוואַרט אויף זיי.

— איהר דיינקט אַלזאָ, פרינצעסין, אַז איך האָב מיין ראָלע גוט געשפּילט?

— איך גלויב, אַז די גרעסטע ארטיסטען פון פאריזער אָדער

לאנדאנער טעאטערע וואלטען אויך ניט געקענט בעסער מאכען. איהר האט אזוי ערנסט גערעדט, אזוי ריכטיג געשפּילט, אז איך האב א ווײלע פריהער געפרעגט זיך אליין, אויב הענרי אדלער איז ווירקליך ניט דער מערדער פון זיין פאטער.

— און דאך מעגט איהר מיר גלויבען, פּרינצעסין, אז מיין ראלע איז געווען א גאנץ שווערע. גלויבט מיר אז ניט יעדען טאג וואלט איך געקענט אפּארבייטען אזא שטיק. וואס האב איך געקענט טאן? ווען מען וויל אפּראמען פון וועג א פיינד מוז מען וויסען וואס מען האט צו טאן. אויסער וואס הענרי איז אינדיען׳ס פיינט, קען איך איהם אזוי גלאט ניט ליידען.

— ווארום?

— עס איז דא א גרויסער דארום.

— אבער וואס?

— שטעהט מיין ליעבע אין וועג?

— אייער ליעבע! ווי אזוי?

— אין איהם איז פערליבט מיני בלום.

— נו איז וואס?

איך בין פערליבט אין איהר.

דשעלאלא איז רויט געווארען און איהרע שווארצע אויגען האבען געפינקעלט. ווי דער שטייגער פון א פרוי, ווען זי הערט אז אויך אנדערע פרויען קענען געליבט ווערען, און זי איז ניט די „איינ־ציגע ווייסע קוה אויף דער וועלט“.

— אזוי גאר! — האט זי געמורמעלט זיך אפּרוקענדיג אביסעל פון איהם — איהר זיינט פערליבט און —

— יא, פּרינצעסין, פערליבט אין מיני בלום איבער די אוי־ערען. ווען איך זאל אפילו וויסען אז איך קען איהר אנדערס ניט קריגען סיידען איך זאל איהר הייראטען, וואלט איך עס געוויס טאן, אבי זי זאל זיין מיינע.

— דאס איז משוגע אויף טויט.

— איך וויים עס, פּרינצעסין, אבער געהט פערלאנגט אויגען און שכל פון אזא בלינדע און פעררוקטע זאך ווי ליעבע איז! וואס קען איך העלפען? די פילאזאפען זאגען דאך אז די גאנצע וועלט איז א משוגענער חלום — ווארום זאלען מיר ברייננגען א קרבן אונזער

ביסעל פערגעניגען די קורצע צייט וואס מיר לעבען, אדער וואס מיר מיינען אז מיר לעבען? ווי באלד מיין איינבילדונג זאגט מיר אז מיני'ס קום מאכט מיר גליקליך, ווארום זאל איך אלזא ניט אויס־פיהרען מיין באגעהר?

— וואס טויג מיר אייער פילאזאפיע — האט זי צו איהם געזאגט — איך פערשטעה עס ניט.

— אזוי גאר — האט זי זיך פערטיפט מיט זיך אליין — מיני בלום! דיזע אידישע מיידעל האט מיר געשטערט מיין גליק וואס זי האט פון מיר צוגענומען העגרי אדלער, און דער זעלבער העגרי שטערט דורגאל'ס גליק. גוט, איך האב יעצט א גוטען העל־פער ראכע צו נעמען פון די וואס האבען געמאכט לעבער אין מיין זעעלע.

זי האט באלד געזאגט צו דורגאל'ן.

— איך פערשטעה איך מיין פריינד. ליעבע איז א הייליגע זאך און עס איז קיין וואונדער וואס איהר האסט אזוי העגרי אדלער.

— יא פרינצעסין, איך האס איהם ווי דער טויט פונקט ווי איך ליעב מיני'ן ווי דאס לעבען.

— זאל זיין מיט גליק — האט זי איהם ערווידערט — פון העגרין זיינען מיר שוין לויז געווארען.

— איך צווייפעל, פרינצעסין.

— ווארום?

— ווייל איך וויים ניט ווי די זאך קען זיך אויסלאזען. העגרי וועט געוויס ניט שווייגען, ער וועט פרובירען ווידערלייגען די בע־שולדיגונג, און מיט זיין טיפען פערשטאנד וועט ער גענוג קעמפפען.

— וואס! — האט זי זיך צולאכט מיט אזא היסטערישען געלעכטער אויף'ן קוויטש אז דורגאל האט זיך דערשראקען.

— קוקט ניט וואס איך לאך אזוי. איהר מיינט אז איך פער־לאז מיך אויף ענגלישע גערעכטיגקייט. אה ניין! ביז העגרי וועט דארפען פארקומען פאר'ן געריכט, וועט ער זיין אין א זיכערען ארט.

— ווי אזוי?

ווען די הינדו זשאנדארען מיט'ן אפיציר וועלען איהם הייגט פיהרען פאר'ן מאגיסטראט, וועל איך אפארבייטען א שפיצעל.

— איהר וועט איהם געוויס ארויסגנב'ענען און איהר האט פילייכט שוין געגעבען א בעפעהל וועגען —

— חא, חא! חא, חא! — האט זי זיך ווידער צולאכט — קוקט און שווייגט.

— איהר ווילט אלזא ניט אז ער זאל פארקומען פאר'ן גע־ריכט?

— געוויס ניט. איך וויל ער זאל לעבען.

— ווארום?

— איך בין אין איהם אזוי פערליעבט פונקט ווי איהר אין מיני'ן.

— אבער, פרינצעסין, דאס איז דאך —

— משוגע אויף טויט, איך ווייס, אבער די ליעבע איז א בלינדע זאך אן שכל, חא' חא' חא' חא' חא!

און זי האט זיך ווידער צולאכט.

— אויב אזוי — האט דורגאל געמורמעלט — פערשטעה איך.

אין דיזע ווײלע איז זייער קארעטע אנגעקומען צום פאלאץ. דורגאל איז ארויס דער ערשטער, און באלד נאך איהם איז דשעלאלא ארויסגעשפרינגען מיט א געלעכטער.

אין א פערטיל שטונדע ארום איז דשעלאלא געזעסען מיט דורגאל'ן ביים טיש און זיי האבען זיך אונטערהאלטען ביי א גוטען מאהל־צייט. זיי האבען ביידע גערעדט פון די צוקינפטע פלענער אבער דורגאל איז געווען זעהר נייגעריג צו וויסען וואס זי דיינקט צו טאן מיט הענרי'ן.

— אלזא, פרינצעסין — האט ער ווידער פרובירט פרעגען — איהר ווילט ניט אז הענרי זאל פערהאורטיילט ווערען צום טויט אדער צו לאנגע געפענגנים.

— געוויס ניט, מיין ליעבער דורגאל.

— אבער, ווי אזוי קען דאס געשעהן? ווי באלד ער איז בע־שולדיגט אלס דער מערדער, איז דאך ענטוועדער אדער: ענטוועדער איהר וועט איהם מעהר ניט קריגען צו זעהן אפילו ווען איהר וועט וועלען, אדער ער וועט ארויס פריי, און אין דיזען פאל קענען מיר ביידע ליידען.

— אבער קוקט און שווייגט, דורגאל.

— עס קען זיין — האָט ער ווייטער געזאָגט — אַז איהר דיינקט איהם אַרויסצוגנב'ענען, דורך אַ קונץ, פון פעסטונג, אָדער עטוואָס אנדערס אויף אַזאַ אָרט.

— וואָס טויג אונז יעצט ריידען וועגען אַ זאַך וואָס איז נאָך ניט געשעהן? — האָט זי איהם אָפּגעהאַקט קורץ און שאַרף.

זי האָט זיך אַ ווײַלע פערטראַכט און ווייטער געזאָגט:

— איבעריגעס, אפשר איז דאָס שוין געשעהן.

ביי דיזע ווערטער האָט זי אָנגעקלינגען אַ גלעקיל און אַ דיי־נער האָט זיך באַוויזען.

— האָסטו שוין נייעס? — האָט זי איהם געפרעגט

— נאָך ניט פרינצעסין, סאַגאַר איז נאָך ניטאָ.

— געה אַלזאָ וואָס גיכער — האָט זי איהם בעפוילען און זי איז אַרויסגעגאַנגען איהם זאָגען איינציגע ווערטער פריוואַט.

— איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, דורגאַל — האָט זי זיך געווענדעט צו איהם אַריינקומענדיג — איך טהו קיין זאַך ניט היג־טער אייער רוקען, און איך האָב פאַר אייך קיין געהיימנים. איך וויל אייך בלויז איבערראַשען. איהר וועט אויסגעפינען אפשר נאָך היינט אַז די ליעבע האָט ניט אין גאַנצען בערויבט מיין שכל.

— איך האָב מיין גרעסטען צוטרויען צו אייך, פרינצעסין — האָט ער ערווידערט — און איך האָף אַז מאָרגען וועל איך הערען גוטע נייעס.

ביי דיזע ווערטער האָט ער אַבשיעד גענומען פון דשעלאַלאַ'ן און האָט פערלאָזען דעם פּאַלאַץ.

ביז יעצט איז מיר אַלעס געראָטען — האָט זי געזאָגט צו זיך זעלבסט ווען זי איז אַליין געבליבען — ביז יעצט זיינען מיינע אַלע פּלענער געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. יעצט דאַרף איך נאָך זעהן דורכצופיהרען מיין לעצטען פּלאַן.

זי האָט אַראָפּגעצויגען איהר שטייפע וויסט און איהר שטראַ־סען קאָסטיום, און זי האָט זיך געשטעלט געגען גרויסען שפיגעל.

דשעלאַלאַ האָט געהאַט אַ נאַטור, ווען זי פלעגט בלייבען אַליין, פלעגט זי זיך בעוואונדערען אין שפיגעל, ריידען צום שפיגעל און שטודירען אין שפיגעל איהרע חציפות'שע מאַניערען, איהרע חנ'־דעלאַך און איהרע ניטען. נאָך מעהר, זי פלעגט זעהר אָפט אָנטאָן

איהר ווייסע אטלעסענע מאסקע און זיך שטודירען אין שפּיגעל ווי זי זעהט אויס. אויך יעצט האָט זי אַרויפגעצויגען יענע קליינע מאַסקע אין וועלכע זי האָט דאַן באגריסט צום ערשטען מאָל הענרי׳ן אין הייל.

— די מאַסקע מאַכט מיר נאָך מעהר רייצענד, נאָך מעהר אינטערעסאַנט — האָט זי געמורמעלט אין דער צייט ווען זי האָט פאַרנאַנדער געפלאָכטען איהרע לאַנגע שוואַרצע האָאַר וואָס זיינען געפאַלען איבער איהרע רונדע שולטערען ביז איהרע לענדען.

אין רעכטען מיטען טאָאַלעטע האָט זי דערהערט אַ סיגנאַל וואָס איז איהר געווען גוט באַקאַנט. זי האָט דעם בארג האָאַר אַרי־בערגעוואָרפען איבער איהרע שולטערען, זי האָט אויף שנעל אַרי־בערגעוואָרפען אַ זיידענע טוך צו פערדעקען פיעל ווייניג דעם נאַקעטען טהייל פון איהר קערפּער, און זי האָט אַנגעקלונגען.

אַ הינדו דינער האָט זיך באוויזען.

— גוטע נייעס? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך ווייס ניט, פּרינצעסין, אויב איך האָב געבראַכט גוטע אָדער שלעכטע נייעס — האָט דער הינדו געזאָגט זיך פערנייגענ־דיג — איך בין נור געקומען אייך בעריכטען וואָס מען האָט מיר געהייסען.

— דערציייל אויף גיך.

— מען האָט געפיהרט דעם ענגלענדער אין פעסטונג היינט פריה גראַדע ווען די שטראַסען פון בענגאַל זיינען געפּאַקט מיט מענשען לכבוד אונזער גרויסען נאַציאָנאַלען יום טוב יאגערנאַטה. ווי עס איז געקומען איבערן בריק, האָבען אייניגע הינדוס גענומען שרייען „אַ פּאַטער־מערדער! אַ פּאַטער־מערדער“! דער צוזאַמענ־שטוים איז געווען אַזוי שטאַרק אַז מען האָט די זשאַנדאַרען שיער אין וואַסער אַריינגעוואָרפען צוזאַמען מיט דעם ענגלישען אָפיציר וואָס האָט זיי בעגלייטעט.

— נו וואָס איז געוואָרען? — האָט זי איהם אונטערבראָכען מיט אונגעדולד.

דער ענגלישער אָפיציר איז שטאַרק פערוואונדערט, צוויי זשאַנ־דאַרען זיינען אין וואַסער אַריינגעפאַלען, און מען האָט זיי מיט מיה אַרויסגענומען.

— און וואו איז דער געפאנגענער ענגלענדער?

— דער פאטער־מערדער האט דערווייל פראטעסטירט פון דיזע געלעגענהייט און ער איז ניטא!

— איז ער אין וואסער אריינגעפאלען?

— איך ווייס ניט, פרינצעסין.

— ביזטו דערביי געוועזן?

— יא, פרינצעסין.

— וואס האסטו געזעהן?

— ווי מען האט אנגעפאנגען שרייען „פאטער־מערדער"! האבען זיך אייניגע א לאז געטאן צו האפען דעם פארברעכער.

— ווער זיינען געוועזן דיזע אייניגע, ענגלענדער אדער אונזערע?

— אונזערע.

— דו ווייסט אלזא ניט וואס פון דעם געפאנגענעם איז געווארען?

— ניין פרינצעסין. איך האב בלויז געזעהן ווי אייניגע הינדוס האבען איהם געשלעפט, און איך האב זיי אלעמען פערלארען אין טומעל.

— ווער האט דיר געשיקט צו מיר?

— סאגאר.

— גוט דו קענסט געהן.

דשעלאלא האט זיך שנעל אנגעצויגען און אנגעקלונגען.

צוואנציגסטער קאפיטעל

## דער שווארצער דעק־טוך

אין איינעם פון די צימערען אין לעאן אדלער'ס רעזידענץ, זיינען געזעסען ביידע שוועסטער, מיני און גריים זיי האבען געווארט זייט צוויי שטונדען אויף די צוויי ברידער זיי זאלען צוריקקומען פון גאווערנאר און האבען ניט געקענט פערשטעהן ווארום הענרי און עדווארד זאמען זיך אזוי לאנג. אויף די גאנצע הויז איז געלעגען א מאנטעל פון טרויער.

מיט דיזע צוויי פעריאָמערטע פריילינס זיינען געזעסען צוויי הערען, א יונגער מאַן שעהן אָבגעוואַקסען, געקליידעט ווי איין ענגלישער גייסטליכער, און איין עלטערער דיקער מאַן מיט א גרויסע גראָע באָרד, געקליידעט האַלב ווי א הינדו און האַלב ווי איין אייראָפּעער. דער ערשטער איז געווען דר. פעליקס לאַנדוי, דער ראַבינער פון די געמיינדע „שערי־צדק", און דער צווייטער רבי שמואל אזרחי, דער אָרטאָדאָקסישער ראַבינער פון די הינדו אידען וועלכע זיינען באַקאַנט אין אינדיען אונטער דעם נאָמען „בני־ישראל". דיזעביידע ראַבינער זיינען געקומען רעדען מיט דער פאַמיליע פון דעם ערמאָרדעטען לעאָן אַדלער צו מאַכען פאַרבע־רייטונגען איהם אַרויסצולאָזען אין זיין אייביגע רוה מיט פּאַראַד ווי עס פאַרדינט אַזאַ מאַן וואָס איז געווען וועהרענד צוועלף יאָהר דער פּרעזידענט פון דער געמיינדע „שערי־צדק" און דער שאַטץ־מייסטער פון יתומים הויז פון די „בני ישראל" אין בענגאַל.

— מיר וואַרטען שוין דאָ צו לאַנג — האָט דער יונגער ראַבינער געזאָגט — מיר מוזען פאַרטגעהן ווען די ברידער וועלען קומען, זאָלט איהר אַזוי פריינדליך זיין, ווערטעה פריילינס, און זיי שיקען צו מיר.

— אָבער זעהט, הער ראַבינער — האָט מיני זיך געבעטען — איהר מוזט עטוואָס לייגנער וואַרטען. זיי מוזען דאָך קומען.

— איך פערשטעה איבערהויפּט ניט — האָט דער עלטערער ראַבינער באַמערקט — וועלכע געשעפטען האָבען יעצט די קדשים אין אַזאַ צייט ווען זייער פאָטער איז נאָך ניט געבראַכט צו קבורה?

— וואַהרשיינליך — האָט גרייס ערווידערט — האָט דער גאָווערנאָר זעהר וויכטיגעס זיי מיטצוטהיילען. זייער זאַמען זיך מוז האָבען א וויכטיגע בעדייטונג.

— עס איז קיין צווייפעל — האָט מיני איינגעשטימט — אַז זיי האַלטען אין אויסגעפינען דעם מערדער.

— סיידען אַזוי — האָט דער אַלטער ראַבינער ר' אזרחי אונטערבראָכען — זאָנסט קען איך ניט באַגרייפען וואָרום זיי זיי־נען ניט היער.

— אָבער וואָס זאָגט איהר, דר. לאַנדוי, צו דיזעס שרעקליכעס פאַרברעכען? וואו נעמט מען מוט און כח איבערצוטראָגען אַזאַ

בראָך?

דער יונגער ראַבינער וועלכער איז געווען איינער פון די בעסטע פּריידיקער און איינגעווויינט צו טרייסטען אבלים, האָט גע־געבען אַ הייב זיינע שולטערען און געזאָגט מיט אַ מילדע זאַנפטע שטימע:

— איידער עס קומט אויף אַ מענשען אַ גרויסער בראָך, שטעלט ער זיך אימער פאר אז ער וואָלט עס בשום אופן ניט קענען אריבערטראָגען. אָבער עס זאָל ניט אויסגערעדט זיין די שעה, ווען דער אונגליק קומט, געפינט זיך אין אונז איבערנאַטירליכע קרעפטען און מיר טראָגען אריבער די גרעסטע טראַגעדיע. דער אַלמעכטיגער ארכיטעקט פון דער וועלט האָט אזוי בעשאפען דעם מענשען, ווייל זאָנסט וואָלט דאָס לעבען געווען אונמעגליך, ווער פון אונז, ליעבע קינדער, האָט שוין ניט פערלאָרען אַ נאָהנטען קרוב, אַ פריינד, אַ בעשיצער? ווער פון אונז האָט שוין ניט בעזוכט אַ האָספּיטאָל וואָס איז דער טעמפּעל פון וועה, דאָן ווען מען זעהט ארום דעם, גוסס פערטרויערטע פריינדע און שטומע פלעשלאַך רפואות? זיי זיינען אָבער האָטש קראַנק געווען אין אַ הויז, ארומגערינגעלט מיט פאמי־ליע, מיט אַ דאָקטאָר און מיט פריינדע. אָבער אונזערע איידעלער לעאָן אדלער איז צום מאָל ניט קראַנק געווען! ער האָט זיין לעצטען זיפץ געגעבען ניט אין זיין גאַסט פריינדליכע הויז און אפילו ניט אין האָספּיטאָל, זאָנדערן אַ מערדליכע האַנד האָט קאַלט געמאַכט זיין ווארימע הארץ אויף אַ וויסטען פּלאַץ פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ בייזע חיה! יאָ, דער בראָך איז זעהר גרויס, אָבער דאָך די וועגען פון גאָט האָבען קיין גרונד ניט ווי דער תהום, און אפשר איז אייער גוטער בעשיצער לעאָן אדלער געווען אַ נויטווענדיגער קרבן אויף'ן מזבח פון פליכט, ליעבע און גוטהערציגקייט! אפשר איז זיין טויט —

דיביידע שוועסטער האָבען זיך אזוי צואווינט אז דער ראַבי־נער האָט געמוזט אונטערברעכען אין מיטען.

דער געוויין פון די שוועסטער איז אָבער באלד אָפּגעהאַקט געוואָרען פּלוצלינג ווען די דיענסט פון הויז האָט געמעלדעט, אז אַ דאַמע וויל זעהן די פריילינס.

ווער איז זי? — האָט מיני געפרעגט זיך אויסווישענדיג איהרע אויגען.

— איהר נאָמען האָט זי מיר ניט געגעבען — האָט די דיענסט ערווידערט — נור זי זעהט אויס צו זיין א זעהר שעהנע און אריסטאָקראַטישע דאַמע, האָטש זי טראָגט א שווארצען שלייער וואָס פערהילעט איהר גאַנצעם געזיכט.

— און וואָס וויל זי יעצט אין אַזאַ צייט?

— אייך זעהן.

— אונז זעהן — האָבעןביידע שוועסטער מיט א מאָל אויס־געשריען — מיר קענען יעצט ניט עמפּפאַנגען.

— אבער וואָס קען דאָס בעדייטען? — האָט גריים געמור־מעלט נאָך אייניגע סעקונדען איבערלייגונג.

— פיליכט ברייגנגט זי אונז נייעס פון הענרי און עדוואַרד — האָט מיני געזאָגט.

— איך דיינק אויך אַזוי — האָט דער יונגער ראַבינער איינ־געשטימט — און מיין ראַטה איז דאַרום, ליעבע קינדער, אז איהר זאָלט די פרעמדע יאָ עמפּפאַנגען.

די דיענסט האָט אריינגעפיהרט די פערשלייערטע דאַמע וועל־כע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טיהר און האָט באגריסט ביידע שוועסטער ווי אויך די צוויי ראַבינערס וועלכע האָבען זיך גע־שטעלט.

— איהר קומט געוויס, מאַדאַם, וועגען א זעהר וויכטיגע זאַך — האָט מיני צו איהר געזאָגט — אז איהר בעהערט אונז מיט אייער באַזוך גראַדע יעצט ווען אונזער געצעהלט איז פּאַרוואַלקענט און אונזער היים איז איינגעוויקעלט אין טרויער.

— איהר וועט עס באַלד וויסען פריילינס — האָט די פרעמדע געשטאַמעלט און האָט אראָפּגענומען לאַנגזאַם איהר שווארצען דעק־טוך.

ביידע שוועסטער זיינען געבליבען ווי פערשטיינערט.

— יאָ, דאָס בין איך אליין! — האָט די פרעמדע געזאָגט זיי בעגריסענדיג א צווייטען מאָל.

— די פּרינצעסין דשעלאַלאַ! — האָט מיני אויסגעשריען.

— די פרינצעסין ביי אונז אין הויז! — האט גריים ווידער־הוילט.

ביידע ראבינער האבען זיך שטארק פערנייגט און זיינען גע־בליבען שטעהן אין די גרעסטע איבערראשונג.

דשעלאלא האט זיי א ווײלע אנגעקוקט און האט קיין ווארט געזאגט. ענדליך האט זי איהר שטילשווייגען געבראכען.

— אונגליקליכע קינדער — האט זי זיי בערוהיגט — איהר זיינט ביידע אונגעדולדיג. אבער שרעקט אייך ניט. די אורזאכע פון מיין קומען צו אייך איז, ווייל איך נעהם זעהר פיעל אינטערעסע און אייער לאגע.

אין דער צייט ווען זי האט גערעדט, האט מען געקענט זעהן פון דרויסען זייט א קליינע מענשליכע פארמע צווישען די ביימער, נעבען פענסטער וואס איז געלעגען איינגעבויגען צווישען צוויי גרויסע בלומען טעפ.

— איך קען הערען און זעהן אלעס! — האט דיזער נפש'על געמורמעלט ליגענדיג איינגעבויגען.

דאס איז געווען קאזיל.

— וואס זאגט איהר אלזא טייערע קינדער? — האט דשע־לאלא זיי געפרעגט.

— מיר דאנקען אייך, מאדאם פאר די אינטערעסע וואס איהר נעהמט אין אונזער אונגליק — האט מיני ערווידערט.

— גוטהערציגקייט און אדעל בילדען א וואונדער שעהנע צירונג פאר אזא שעהנהייט ווי איהר, פרינצעסין — האט דער ראבינער, דר. לאנדוי געזאגט צו דשעלאלא'ן.

— מיין קומען צו אייך — האט די פרינצעסין ווייטער גע־זאגט — איז אום אייך צו באשיצען און שטארקען אייערע הערצער.

— מיר האבען א גוטען באשיצער, מאדאם — האט מיני איהר אונטערבראכען — און דיזער באשיצער איז זעהר מעכטיג.

— ווער?

— דער גאווערנאר פון בענגאל.

— איך קום טאקע יעצט פון לארד לייניאן — האט דשעלאלא געזאגט און ער האט מיר געשיקט צו אייך.

— אזוי! — האָבען ביידע שוועסטער אויסגעשריען מיט א מאָל, ווי דיזער נאָמען וואָלט זיי שטאַרק בארוהיגט.

— אזוי איז עס — האָט זי ערווידערט.

— איהר האָט דאַרט אַלזאָ געוויס געזעהן, מאדאם, ביידע ברידער הענרי און עדוואַרד?

— נאַטירליך.

— ווארום זאָמען זיי זיך אזוי לאַנג?

— זיי זיינען ביי לאָרד לייניאָן.

— אבי דו האָסט זיך אזוי געשראָקען, שוועסטער, — האָט גריים באמערקט צו מיני׳ן.

— איך האָב פון אייך געהערט א רעכטע ווייַלע, פריילינס, מיט דעם גאָווערנאָר. איך האָב איהם פאַרגעשלאָגען אז אזוי ווי איהר זיינט ביידע יתומות, און איהר האָט יעצט אויך פערלאָרען אייער שיצער סער לעאָן אדלער, זאָלט איהר קומען וואָהנען ביי מיר. מיין פּאַלאַץ איז אָפען פאַר אייך.

— דאַנקע שעהן, מאדאם, מיר האָבען א היים היער — האָט מיני ערווידערט.

וועהרענד דיזע געשפּרעך איז אַנגעגאַנגען איז אריינגעקומען עדוואַרד, און ער איז געווען אזוי צוטראָגען אז ער האָט צום מאָל ניט אַנגעקלאַפּט אין טיהר.

איין־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

## דער איינפאַל פון גאָווערנאָר

עדוואַרד איז געווען אזוי בלאַס אז די שוועסטער האָבען זיך דערשראָקען.

די צוויי רבנים האָבען זיך געשטעלט, אָבער עדוואַרד האָט זיי געגעבען א וואונק זיי זאָלען זיך ווידער זעצען. נאָכדעם ווי ער האָט זיי שנעל בעגריסט.

— ווי קומט זי היער! — האָט דער יונגער מאַן אויסגעשריען ווייזענדיג אויף דשעלאַלא — דאָס איז אביסעל א געמיינע חוצפּה.

— וואס האט איהר יעצט פאר געשעפטען, מאדאם, אין אונזער הויז? — האט דער יונגער מאן געפרעגט מיט אונגעדולד.

— ווארום ניט?

— ווארום ניט! ווייסט איהר דען ניט אז איהר שטעהט פיעל צו נידעריג אז דיזע שוועסטער זאלען האנדלען מיט אייך.

— אבער עדווארד! — האט גרייס אויסגעשריען ערשראקען.

לאזט מיר פריילין — האט ער געשטאמעלט צו זיין כלה — איך ווייס וואס איך רייד, לאזט מיך איך וויל איהר עפעס זאגען.

דשעלאלא איז געבליבען שטעהן.

— ווילט איהר זא פריינדליך זיין דר. לאנדוי און רבי אזרחי ארויפצוגעהן אויפ'ן ערשטען עטאזש אין אונזער ביבליאטעק? איך וועל דארט באלד ריידען מיט אייך.

די דיענסט האט זיי ביידען ארויפגעפיהרט אין דעם אנגעצייג־טען פלאץ.

— יעצט, מאדאם, האב איך אייך עטוואס צו זאגען אדער בעסער, באפעהלען.

דשעלאלא האט געשוויגען.

— איהר זאלט שוין פארלאזען מיין הויז! — האט ער געדור־נערט — איהר זאלט שוין ארויסגעהן, איהר הערט!!!

ביידע שוועסטער זיינען אזוי ערשראקען געווארען אז זיי האָ־בען זיך אנגענומען פאר די הענד.

דשעלאלא'ס פארבען אין געזיכט האבען זיך גיך געענדערט, זי האט געגעבען א שמייכעל פול מיט ווילדהייט און ראכע.

— אלזא איהר טרייבט מיר ארויס, עדווארד?

— שוין געגאנגען! איך וויל מיט אייך ניט ריידען.

זי האט זיך באלד צוריקגעצויגען, און ווען זי איז געשטאנען אויפ'ן שוועל פון טהיר, האט זי געזאגט:

— עדווארד, מיני און גרייס, איך זאג אייך אלעמען צום ווידערזעהן, אבער ניט אדיע. מיר וועלען זיך נאך אלע זעהן.

און זי איז ארויס פון הויז.

אין די זעלבע ווילע איז אויך קאזיל פארשוואונדען פון הינטערן פענסטער.

— ווייסט איהר פריילינס, ווארום איך האב איהר ארויס־

געטריבען אזוי אַן צערעמאָניעס? — האָט עדוואַרד צו זיי געזאָגט — ווייל דיזע פרוי איז אונזער גרעסטע פיינד אויף גאָטס ערד. זי האָט מיט אַ פּאָר שטונדען צוריק געהאָט די גרעסטע חוצפה צו בעשולדיגען מיין ברודער העגרי אַז ער איז אונזער פאָטער׳ס מערדער.

די צוויי פריילינס האָבען געגעבען אַ שפּרונג.

— שוידערהאַפט!

— יאָ פריילינס, עס איזווירקליך שוידערהאַפט. אָבער ווייסט איהר אַז אויך דער פּרינץ דורגאַל סאַהיב האָט מיט איהר געמאַכט איין האַנד צו בעשולדיגען העגרי׳ן? זיי האָבען זאָגאַר אָנגעשטעלט פאַלשע עדות.

— און וואָס האָט געזאָגט דער גאָווערנאָר? — האָבען די שוועסטער געפרעגט.

— לאָרד לייניאָן איז איבערצייגט פון מיין ברודער׳ס אונשולד, און ער האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָ שטעקט איין אינטריגע. ער האָט אַלזאָ ענטקעגען געשטעלט אַ רמאות געגען אַ רמאות, און ער האָט קלאָמפערשט געלאָזט אַרעסטירען מיין ברודער, אום זיי זאָלען ניט מערקען אַז מען פאַרשטעהט זייער אינטריגע, כדי דערוויל אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען מערדער.

— איז אַלזאָ העגרי געפאַנגען? — האָט מיני אויסגעשריען מיט שרעק.

— ניין, ער איז עס מעהר ניט, דען ווען מען האָט איהם געפיהרט אין פעסטונג, האָבען אַ גאַנצע מחנה הינדוס געמאַכט איין איבערפאַל אויף׳ן בריק און האָבען איהם געוואָלט ערמאָרדען אַלס אַ פאָטער מערדער. אין דעם גרויסען געטומעל, איז העגרי וואהרשיינליך ענטלאָפען געוואָרען, אויב ער איז נור ניט אַריינגעפאַלען אין טייך גאַנגעס.

מיני האָט זיך געגעבען אַחאַפּ פאַר׳ן קאָפּ, און גריים האָט זיך צו וויינט.

— איך רעכען — האָט עדוואַרד ווייטער גערעדט — אַז העגרי איז איינפאַך ענטלאָפען, און זאָגאַר ווען ער איז אַריינגעפאַלען אין טייך, שרעק איך זיך אויך ניט, ווייל ער איז אַ גוטער שווי-

מער. סטאַפּ און דער דאָקטאָר דייווידאָנע זיינען איהם נעגאַנגען זוכען אויף פערד.

— אַך וואָס הער איך, וואָס הער איך! — איז מיני אַרוים מיט אַ געוויין אַז עס האָט געמענט פּלאַצען אַ שטיין אין דער צייט ווען גריים האָט זיך געגעבען אַ וואָרף אויף'ן זאָפאַ ניט טויט ניט לעבעדיג.

עדוואַרד האָט זיי אַביסעל בארוהיגט, און ער איז אַרויסגע־גאַנגען רײדען מיט די צוויי ראַבינערם וועגען די פאַרבערייטונגען פון סער לעאָן אַדלער'ס בעגלייטונג צו זיין אייביגע רוה.

צוויי־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

## דער „אָשמנו“ פון אַ בעל-תשובה

עס איז שוין געווען אַבענדס, און די רעזידענץ פון די אַדלער'ס איז געווען קוים בעלויכטען. די רבנים זיינען שוין געווען לאַנג אוועקגעגאַנגען, און עדוואַרד האָט זיך נור וואָס אויפגעכאַפּט פון אַ דרעמיל זיצענדיג אויף אַ שטוהל.

ז — סטאַפּ איז דאָ — האָט גריים צו איהם געזאָגט.

— לאָז ער אַריינקומען.

— וואָס הערט זיך סטאַפּ? — האָבען זיי אַלע מיט אַמאָל געפרעגט.

— סער הענרי איז נאָך ניטאָ, אָבער איין זאַך איז זיכער אַז קיין אונגליק האָט מיט איהם פּאַסירט.

— ווי אַזוי ווייסט איהר? — האָט מיני געפרעגט אונגע־דולדיג.

איך בין געווען דערביי ביי דער מישענינע. ווען די פערדאַמטע הינדוס האָבען איהם אַרומגערינגעלט מיט מעסער אין האַנד און געשריען, „טויט צום פאָטער מערדער!“ האָב איך גערעכינט אַז סער הענרי וועט שוין בלייבען אונטער זייערע הענד. אָבער, צום גליק האָט זיך אונטערגעדרעהט דער קליינער קאַזיל און ער האָט געגעבען סער הענרי'ן אין האַנד אַ לאַנגען הינדו מעסער שטילערהייט, און

סער הענרי האָט זיך דערמיט אזוי גוט פערטהיידיגט געגען זיינע פאַנאַטישע אַנגרייפער אַז זיי זיינען אַלע צולאָפּען.

— דער קליינער קאַזיל וועלכער האָט אַוויילע פריהער עדות געזאָגט געגען מיין ברודער! — האָט עדוואַרד אויסגעשריען איבער־ראַשט.

— יאָ, דער זעלבער קאַזיל האָט אייער ברודער פון אַ זיכערן טויט געראַטעוועט.

— אָבער, וואו איז אַלזאָ הער הענרי? וואָרום קומט ער ניט צו זיין פאַמיליע? — האָט מיני געפרעגט ברעכענדיג די הענד.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל — האָט סטאַפּ ערווידערט — אַז ער וועט זיך באַווייזען היינטיגע נאַכט אָדער מאָרגען ענטוועדער היער אָדער ביי דעם גאָווערנאָר.

— געוויס ביים גאָווערנאָר — האָט עדוואַרד באַמערקט. דען עס דאַרף הייסען פאַר דער וועלט אַז ער זיצט אין פעסטונג אום די הינדוס זאָלען קיין זאַך ניט מערקען אַז מען האָט איין אויג אויף זיי. עס איז קיין צווייפעל ביי מיר אַז דשעלאַלאַ מיט דורגאַל'ן און די גאַנצע באַנדע וועלען יעצטיגען מאָל אריינפאַלען איבער'ן קאָפּ. די געהיימע ענגלישע פּאָליציסטען האַלטען אין איין זוכען, אין איין אַקערען.

— אָבער זאָל נור הענרי קומען — האָט מיני ווייטער געזאָגט.

— איך מוז געהן הערן וואָס עס הערט זיך — האָט עדוואַרד געזאָגט נעהמענדיג זיין הוט.

— זעהט, פריינד, געהט ניט — האָט זיך גריים געבעטען — זעהט, וואָס קענט איהר אויפטאָן מיט אייער געהן — גוטע נייעס וועט מען שוין אייך ברייננגען.

— אָבער, ליעבענס קינד, האָט עדוואַרד איהר אונטערבראָכען — מיין זיצען היער האָט קיין זין איך מוז יעצט געהן צום קאָראָנער דאָקטאָר דיווידאָנע. איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען אַז מיין פאָטער ליגט דאָרט פאַרלויפיג. און עס וועט נאָך געוויס דויערען צוויי טעג ביז מען וועט איהם קענען ברייננגען צו קבורה, צוליב די נעטהיגע גע־זעצליכע אונטערזוכונגען. דער קאָראָנער האָט דאָס זייניגע אָפּגעטאָן, און יעצט האָט נאָך די פּאָליציי עטוואָס צו באַשטעטיגען איידער

מיר וועלען האָבען איין ערלויבענים צו ברייננען פּאַפּאַ צו קבורת ישראל. געהן מוז איך אַלזאָ יעצט.

ווי נור עדוואַרד איז אַרויס, צוזאַמען מיט סטאַפּ דורכן טיהר, האָט ער געזעהן אַ קליינע מענשליכע פאָרמע זיצענדיג פאַר'ן טיהר גאָרטען.

אַך, קאַזיל! — האָט סטאַפּ אויסגעשריען — וואָס ליגסטו דאָ?

— פערצייהט מיר, סער אַדלער, פערצייהט — האָט דער קליינער הינדו אויסגעשריען זיך געבענדיג אַ וואָרף צו עדוואַרד'ס פיס.

עדוואַרד האָט געשוויגען.

— פערצייהט מיין פערברעכען — האָט קאַזיל זיך ווייטער געבעטען — איך האָב היינט אַזאַ פערברעכען באַגאַנגען. איך האָב אויפגעטרעטען געגען מיין וואָהלטהעטער, איך האָב פאַלשע עדות געזאָגט געגען סער הענרי אַדלער! די באַנדיטען האָבען מיר געשראָקען מיט'ן טויט און איך וועל אַנדערש זאָגען, און איך האָב קיין קוראַזש געהאַט זיך צו לאָזען ערמאָרדען.

— גוט, קאַזיל — האָט עדוואַרד געזאָגט איהם אויפהייבענדיג פון דער ערד — דו האָסט זיך באַנאַרעשט, אָבער דו האָסט עס ווי־דער גוט געמאַכט לויט ווי סטאַפּ האָט מיר מיטגעטהיילט.

— יאָ, סער עדוואַרד, יעצט זעה איך אַז ווען איך וואָלט ערמאָרדעט געוואָרען פון די באַנדיטען, וואָלט סער הענרי געוויס פאַרלאָרען זיין לעבען היינט אין מיטען שטראָסע פון די בעוואָפענע לייט וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט. איך האָב ריזיקירט מיין לעבען און איהם דערלאַנגט שטילערהייט מיין מעסער.

— ביסט אַ גוטער יונג, קאַזיל — האָט עדוואַרד געזאָגט איהם קלאַפּענדיג אין שולטער — אַלעס איז יעצט פערצייהט און פאַרגעסען. נור יעצט וועסטו מיטקומען מיט מיר צום גאָווערנאָר זאָגען די וואָהרהייט וואָס דו ווייסט.

— אַלעס, סער אַדלער, אַלעס וועל איך זאָגען, און די ריינע וואָהרהייט.

— אָבער ווייסטו ניט, קאַזיל, וואו סער הענרי קען יעצט זיין?

— וואָס? — האָט דער קליינער הינדו אויסגעשריען — איז סער הענרי נאָך ניט געקומען אַהיים?

— ניין קאַזיל.
— וואו קען ער זיין?
— דאָס וואָס מיר ווילען אַלע וויסען, קאַזיל.
— איך דיינק, סער עדוואַרד, אַז אין פאַל ווען סער הענרי באוווייזט זיך ניט היינט, וועל איך אייך קענען העלפען איהם זוכען, איך געה שוין.
— ניין קאַזיל, יעצט קום מיט מיר צום גאָווערנאָר.
— גוט, סער עדוואַרד. איך וועל שוין פון אייך ניט אָפּטרעטען ביז מען וועט געפינען סער הענרי. איך וועל געהן מיט אייך איבעראַל וואו איהר וועט מיר פאָדערען צו געהן, איך וועל מאַן אַלעס וואָס איהר וועט מיר הייסען — איך וועל זאָגאַר זיך נעהמען מיין לעבען, ווען איהר ווילט, און איך וועל זאָגען אַלעס. איך וועל —
— ניין קאַזיל — האָט עדוואַרד איהם אונטערבראָכען — איך פערלאַנג ניט דיין טויט, איך וויל דו זאָלסט לעבען צו זאָגען אַלעס וואָס דו ווייסט, די ריינע וואַהרהייט, ניט מעהר.
— יאָ מייסטער — האָט דער קליינער הינדו געזאָגט מיט טרעהרען און האָט געגעבען דעם יונגען אַדלער אַ קוש אין האַנד.
סטאַפּ האָט אָנגעזאָטעלט די פערד און זיי זיינען אַלע פאָרטגעריטען צום גאָווערנאָר.

דריי־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# די מענשען פרעסערקע

אין הייל פון די פרינצעסין דשעלאַלאַ, אין די חורבה פון אַלטען טעמפּעל פון גאָט סיווא וואָס איז אימער געווען שטיל ווי אויף אַ קבר — אין דיזען הייל האָט זיך גערודעלט. בעדינטע הינדוס, מענער און פרויען זיינען אומגעלאָפען איבער די צימערען פון דשעלאַלאַ'ס פּאַלאַץ רעכטס און לינקס. זיי האָבען ערוואַרטעט בעפעהלע. דער גרויסער סאָגאַר איז אומגעלאָפען פערסאָפּעט, ער האָט זיך געבייזערט, געליאַרימט און געשטורימט אויף די בעדינטע, איבערהויפּט אויף די פרויען.

— אזיזא, האלימאה, בודהינא, בראהמינא! — האט ער אויס־געשריען צו פיער קאמער מערכען שעהן אבגעוואקסען און פעסט געבויט — ליפט וואס גיכער אין ראזען צימער. די פרינצעסין האט באפוילען איהר זאלט שוין קומען!

לאמיר נאכגעהן דיזע פיער קאמער מערכען אין ראזען צימער, אדער בעסער לאמיר דארט אריינגעהן, לעזער, א צעהן מינוטען איידער די קאמערמערכען זיינען אריין.

אויף א גרויסע זאפא באדעקט מיט רויטע זייד ליגט א יונגער מאן בלאס ווי א טוד, די הענד געבונדען פון הינטען, און נעבען איהם זיצט דשעלאלא.

אלזא דו ליעבסט מיר ניט, הענרי? האט זי צו איהם געזאגט — איך פרעג דיך צום לעצטען מאל.

— ניין מערדערין — האט דער יונגער מאן אויסגעשריען מיט א האלב פערשטיקטע שטימע — ניין און טויזענד מאל ניין!

— אבער ווארום ניין, הענרי?

— ווייל איהר האט מיין פאטער ערמארדעט.

— איך?

— יא איהר!

— עס איז ניט וואהר הענרי. עס קען זיין אז איך האב גע־האט איין אירטהום וואס איך האב געגלויבט דורגאל'ן אז דו ביסט דער מערדער. אבער איך האב קיינע בייזעם געוואונשען ניט דיר און ניט דיין פאטער. דורגאל איז ניט מעהר מיין פריינד.

— איך גלויב אייך ניט מאדאם.

— אבער הענרי —

— איך וויל מיט אייך ניט ריידען, מאדאם.

— הענרי! האט זי ווידער אויסגערופען — איך קען דיר יעצט טאן פיעל בייזעס און א האהן וואלט אפילו ניט קרייען. דאך, איך וויל עס ניט. אלעס וואס איך פערלאנג פון דיר איז דו זאלסט מיר ליעבען.

— אייך ליעבען! אה ניין מאדאם, איך האס אייך ווי דעם טויט.

דער יונגער מאן האט פרובירט זיך לויז מאכען פון די בענדער מיט וועלכע זיינע ארימס זיינען געווען געבונדען צום קערפער.

אָבער ער האָט ניט געקענט, און זיין קאָפּ איז ווידער געפאַלען אויף'ן זיידענעם קישען.

— הענרי — האָט זי ווידער אויסגערופען — איך קען דיר ניט זעהן געבונדען. איך וויל דיר לויז מאַכען דיין לינקען ארים צוערשט, און דערנאָך וועל איך דיר אין גאַנצען באפרייען. איך וויל בלויז געליעבט ווערען פון דיר, רייד מיר חאָטש איין אַז דו ליעבסט מיך, און לאָז דיזע פאַנטאַזיע אנפילען מיין זעעלע אויף איין ווייַלע מיט זאָנען־שיין.

— אייער זעלע איז שוואַרץ ווי טינט, מאַדאַם! אַוועק פון מיינע אויגען!

דשעלאַלאַ האָט איהם ארומגעחאַפּט, און האָט איהם אָנגעפאַנגען קושען און האַלזען און אויך בייסען פון גרויס ליידענשאַפט, אָבער דער געבונדענער העלד האָט איהר אַוועקגעשטויסען פון זיך מיט'ן שולטער.

דשעלאַלאַ האָט זיך צוריקגעצויגען, זי האָט זיך אַ ווייַלע פאַרטראַכט און האָט ענדליך אויסגעשריען:

— איך לאָז פון דיין ליעבע! וואָס געהט מיר אָן אויב דו ליעבסט מיך. אַבי איך ליעב דיך, און דו ביסט ביי מיר אין האַנד: ווען איך ליעב צו עסען מיטאַג אַ היהנערשע פּאָלקע, עס איך, און איך פרעג קיינמאָל ניט ביי דער הוהן אויב זי ליעבט מיך. וואָס געהט מיר אָן אויב דו ליעבסט מיר יאָ אָדער ניט? אַבי איך האָב דיך ליעב און קען מיין באַגעהר אויספיהרען.

ביי דיזע ווערטער האָט זי זיך ווידער געגעבען אַ לאָז צו הענרי'ן, מיט איהר האַלב נאַקעטען בוזים צו זיין געזיכט, און האָט איהם אַזוי געדריקט אַז דער אונגליקליכער האָט געמיינט זי וויל איהם דערשטיקען. אין דער זעלבער צייט האָט זי געקושט זיינע האָאַר פון קאָפּ מיט איהרע ברענענדע ליפּען.

דער האַלב בעזיעגטער יונגער מאַן האָט געפיהלט איין עלעקטרישען שטראָם דורכגעהן זיין גאַנצען קערפּער און ער איז געבליבען ליגען רוהיג.

— הענרי — האָט זי געזאָגט לאַנגזאַם — איך וויל דיר ניט זעהן ליידען. וואָרום ביזטו אַזוי האַרטנעקיג?

— זעהט וואָס ווילט איהר אייגענטליך פון מיר מאַדאַם? —

האט דער געפאנגענער געמורמעלט קאלטבלוטיג און ווי האלב בעזאפען — וואס ווילט איהר פון מיר? לאזט מיר געהן באגראבען מיין פאטער.

זי האט איהם קיין ענטפער געגעבען, זאנדרען זי האט אנ־געפאנגען אפבינדען זיין לינקע ארים.

— אבער מאדאם, ווארום גיבט איהר מיר ניט קיין ענטפער? האט ער געזאגט מיט א געלאסענע שטימע.

נור הענרי'ס צארן איז לאנגזאם צוריקגעקומען, און ווען ער האט געשפירט אז זיין איין האנד איז לויז, האט ער זיך געגעבען א שטעל ווי א טיגער, אבוואהל זיין רעכטע האנד איז געווען צוגע־בונדען ארום קערפער, און ער האט אנגעכאפט זיין פלאגעריין פארן האלז.

— לאזט מיר ארויס פון דיזען פלאץ! — האט ער געדונערט וועהרענד זיינע לאנגע געקרויזטע האאר זיינען געפאלען איבער איהר געזיכט.

דשעלאלא האט געגעבען א קוויטש, און די פיער קאמערמעד־כען זיינען אריינגעלאפען פארסאפעט. זיי זיינען געווען פארבע־רייטעט אריינצוקומען אויף'ן באפעהל פון דשעלאלא באלד ווי מען האט הענרי'ן געבראכט. זיי האבען נור געווארט אויף'ן סיגנאל פון זייער ווירטהין.

— איך גיב אייך איבער דיזען מאן אין אייערע הענד — האט דשעלאלא געזאגט צו די פיער קאמערמעדכען — איהר זאלט איהם בארוהיגען אז איך זאל ניט דארפען זיך שרעקען פאר זיין ווילדקייט.

הענרי איז געבליבען שטעהן און האט זיי אנגעקוקט, אין דער צייט ווען דשעלאלא האט צו איינער עפעס געמורמעלט אין אויער.

זי איז אריין אין א זייט צימער וואו זי האט א ביסעל געעפענט די שווערע סאמעטענע גארדינען און האט געקוקט דורך א שפאלט.

הענרי האט מיט זיין לינקע האנד געגעבען א שטויס די פיער נקבות צום טיהר. זיי זיינען אבער געווען צו שטארק געבויט פאר איהם ער זאל קאנען קעמפפען מיט איין האנד געגען זעלכע פיער שטארקע פרויען. ער איז געפאלען הילפלאז.

ווען ער איז געלעגען אויף'ן זאפא הילפלאז ווי א בייבי, האט איינע פון די פיער קאמערמעדכען געבראכט א ציעמליך גרויסע זיל־

בערנע פלאש, און אין דער צייט ווען דריי האָבען איהם גוט צו געהאַלטען האָט די פיערטע איהם אַריינגעגאָסען מיט געוואַלד אין מויל וויפיעל זי האָט נור געקאָנט.

אויב דיזער געטראַנק איז געווען בלויז שטאַרקער וויין, אָדער איין אַנדער ליקאָר צו בערוישען דעם העלד — איין זאַך איז זיכער אַז דאָס האָט פיעל געווירקט אויף׳ן יונגען מאַן.

אין אַ פערלויף פון צעהן מינוטען האָבען זיי איהם אָפּגעבונדען ביידע הענד און האָבען איהם געזעצט.

זיי האָבען איהם אונטערהאַלטען אַ רעכטע ווײַלע ביז דשעלאַלאַ האָט זיך באַוויזען, און די באַדינטע זיינען פערשוואונדען.

דשעלאַלאַ האָט זיך באַוויזען מיט איהר קליינע ווייסע אַטלעסענע מאַסקע אויף׳ן געזיכט פונקט ווי דאַן ווען זי האָט אונזער העלד צום ערשטען מאָל עמפּפאַנגען אין הייל.

אַך ווי בלאַס ער איז! — האָט זי אויסגעשריען אַריינקומענדיג — זיי האָבען איהם אַזוי פאַרמאַטערט, זיי האָבען וואָהרשיינליך איבערגעטרעטען מיין באַפעהל.

זי איז צוגעגאַנגען אַ פּאָר טריט נעהנטער און געזאָגט:

— אָבער, ווי שעהן ער איז נאָך אַלעמען! ער זעהט אויס ווי אַ בלאַסער ענגעל מיט אַ קרוין פון ליעבליכקייט.

הענרי האָט איהר אַנגעקוקט מיט האַלב געשלאָסענע אויגען און האָט געגעבען צו איהר אַ שמייכעל פול מיט ליעבשאַפט.

— אַך וואָס פאַר אַ גוטער איינפאַל פון מיר — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין — וואָס איך האָב אַרויפגעצויגען מיין מאַסקע! מיט דיזע מאַסקע אויף מיין געזיכט האָב איך איהם צום ערשטען מאָל באַצויבערט, און מיט דער זעלבען מאַסקע האָב איך איהם יעצט אין מיין מאַכט. געבענשטע מאַסקע! דו ביזט מיין באַצויבערטער דעק־טוך.

זי האָט זיך לאַנגזאַם געזעצט נעבען הענרי׳ן, און ער האָט איהר דעם ערשטען קוש געגעבען.

— איך בין גליקליך! — האָט זי אויסגעשריען — איך בין גליקליך, איך בין געליעבט פון איהם, עס איז מיר גוט, איך בין צופיעל גליקליך!

ביי דיזע ווערטער איז זי איהם געפאלען ארום האלז און האט איהם בעדעקט מיט הייסע קושען.

— איהר זיינט די מאסקירטע דאמע — האט ער געמורמעלט קאם וואס קאם זי האט געהערט — יא, איהר זיינט די מאסקירטע דאמע, אבער ניט די פרינצעסין דשעלאלא, אבער ניט... די פרינ־צעס... דשעל... אך ווי...

פיער־און־צוואנציגסטער קאפיטעל

## די געהיימנים פון א געהיימנים

ווען עדוואורד מיט זיינע צוויי בעגלייטער, סטאפ און קאזיל זיינען אנגעקומען ביי דעם גאווערנאר האבען זיי איהם ניט געפונען און זיי זיינען געגאנגען צום דאקטאר דיווידאנע, וואו זיי האבען געפונען אייניגע געהיימע פאליציסטען, צוויי אפיצירען און א מאן וואס האט אויסגעזעהן צו זיין דער פאליציי אינספעקטאר פון בענגאל.

— וואס הערט זיך נייעס, הערר אדלער? — האט דער קאראַ־נער געפרעגט דעם יונגען מאן — האט איהר שוין עפעס נייעס פון אייער ברודער?

— איך בין עס געקומען ביי אייך אויסגעפינען, הער דאקטאר.

— האט איהר אלזא גאר ניט געהערט פון איהם?

— גאר ניט.

דער דאקטאר האט געווארפען א בליק פול מיט פערדאכט אויף קאזיל, און נאך א ווײלע שטילשווייגען האט ער זיך געווענדעט צו עדווארד׳ן:

— ווי קומט עס וואס דיזער קליינער פארברעכער שלעפט זיך נאך מיט אייך?

— קאזיל איז ניט מעהר וואס געוועזען — האט עדווארד ערווידערט — אדער בעסער, ער איז צוריק וואס ער איז געוועזען דאן ווען ער האט געצייגט זיין טרייהייט צו אונזער פאמיליע.

הענרי׳ס ברודער האט דערציילט דעם דאקטאר אלעס וואס

דער קליינער הינדו האָט געטאָן נאָכדעם ווי ער האָט פאַלש עדות געזאָגט ביי דעם גאָווערנאָר אין הויז. ער האָט איהם אויך מיט־געטהיילט אַלעס וואָס קאַזיל וועט ווייטער טאָן.

— איהר דאַרפט ניט פארגעסען דאָקטאָר — האָט דערביי עדוואַרד באמערקט — אַז קאַזיל מוז דאָ האָבען דעם שליסעל פון פיעלע געהיימניסע, און ווי קליין ער איז אַזוי איז ער אָנגעשטאָפּט מיט געהיימניסע פון די באַנדע.

— ווי אַזוי מערקט איהר עס, העררר אַדלער? — האָט דער דאָקטאָר איהם געפרעגט.

— גאַנץ איינפאַך: דאָס וואָס ער האָט שוין געטאָן באַווייזט אַז עס איז אַזוי, און צווייטענס דיינק איך אַז ער וועט קאָנען ער־קלעהרען ווי אַזוי מיין ברודער איז געקומען צום ערשטען מאָל אין טעמפּעל פון סיוואַ וואו ער האָט באקאַנטשאַפט געשלאָסען מיט דשעלאַלאַ. איהר האָט דאָך געוויס געהערט אַז אַ שטורם ווינד האָט מיין ברודער פּערטראָגען אין ווייסטען טעמפּעל, באַלד ווי ער איז אַנגעקומען אין בענגאַל. אָבער, פון וואַנען האָט דשעלאַלאַ דאַן געוואוסט אַז סער לעאָן אַדלער׳ס זוהן איז אָנגעקומען? ווי אַזוי האָט זי געוואוסט איהם צו פערהאַלטען ביי זיך 24 שטונדען? וואָרום האָט קאַזיל דאַן קיין זאַך ניט דערציילט?

— יאָ, האָט דער דאָקטאָר האַלב איינגעשטימט, עס שיינט אַז די אַנקונפט היער פון הענרי איז אַרומגערינגעלט מיט געהיימ־ניסע גראַדע ווי זיין יעצטיגע פערשווינדונג.

— און דאָס איז וואָס מיר קריינקט יעצט מעהר ווי אַלעס — האָט עדוואַרד איהם אונטערבראָכען — די יעצטיגע פערשווינדונג פון מיין ברודער מאַכט מיר מעהר לעבער אין הארצען ווי מיין פאָ־טער׳ס טויט, דען וואָס געשטאָרבען, דעקט די ערד צו, און פארגע־סען! אָבער פערשוואונדען לעבעדיג!

— סער הענרי איז נאָך ניט פערשוואונדען — האָט דער דאָקטאָר איהם פרובירט טרייסטען — דען עס איז נאָך קיין פיער און צוואַנציג שטונדע פאַריבער זייט ער איז ניטאָ. ער קען אָנקומען יעדע ווייל, און עס קען זעהר מעגליך זיין אַז אין דער צייט ווען מיר ריידען דאָ איז ער שוין ביי זיך אין הויז.

— זאָל עס נור וואָהר זיין — האָט עדוואַרד אויסגעשאָסען

מיט א זיפץ און האָט זיך אַ ווײַלע פֿערטיפֿט אין זײַנע געדאַנקען.

דער דאָקטאָר האָט פֿערדרויכט אַ ציגאַר און האָט אויך אָנגע־באָטען אײנע דעם יונגען מאַן. אָבער, דיזער האָט עס ניט אָנגענומען מיט דער בעמערקונג:

— איך דאַנק אייך, דאָקטאָר, ניט יעצט, איך קען ניט רויכען אונטער דעם זעלבען דאַך וואו מײַן פֿאָטער ליגט.

— אייער פֿאָטער איז ניט מעהר היער. איך האָב איהם נור געהאַלטען אין מײַן אָפּיס צוויי שטונדען באַלד ווי מען האָט איהם געבראַכט. איך האָב מײַנע פּליכטען אָפּגעטאָן און אויף'ן באַפֿעהל פֿון גאָווערנאָר און דער פּאָליציי האָט מען איהם איבערגעגעבען אין אַנדערע הענד.

— יאָ, ער איז יעצט אין אַנדערע הענד — האָט דער פּאָליציי אינספּעקטאָר אונטערגעהאַפּט.

— איז דאָס מעגליך, דאָקטאָר?

— יאָ הערר אַדלער, און איך קען אייך נור אַזויפֿיעל זאָגען פֿון מײַן זייט אַז סער הענרי האָט באַגאַנגען אַ שרעקליכען פֿעהלער אין זײַן פֿערצווייפֿלונג.

— מײַן ברודער איז בעגאַנגען אַ שרעקליכען פֿעהלער! — האָט עדוואַרד אויסגעשריען — וואָס מײנט איהר אײגענטליך הערר דאָקטאָר?

— איך מײַן גאַנץ אײנפֿאַך: זאָבאַלד ווי מען זעהט ליגען אויף דער ערד אַ מאַן אין זײַן אייגען בלוט און אַ מעסער שטעקט איהם אין וואונד, דאַרף מען דעם קאָפּ ניט פֿערלירען.

— איך פֿערשטעה אייך ניט דאָקטאָר.

— ווען סער הענרי האָט דערקענט אייער פֿאָטער ליגען אויף'ן גראָז און האָט אַרויסגעצויגען דעם מעסער, האָט ער בעדאַרפֿט זעהן אויב דער מעסער האָט געשטעקט אין הארצען, אין ברוסט אָדער אין איין אַנדער פּלאַץ.

— האָט דען דער הינדו מעסער דאַן ניט געשטעקט אין מײַן פֿאָטער'ס ברוסט?

— ניין! און אַנשטאָט וואָס סער הענרי האָט דעם קערפּער בעווײנט מיט לאַנגע טענות און האָט איהם דערנאָך געשלעפּט צום גאָווערנאָר אויף'ן באַל, האָט ער בעסער געזאָלט לויפֿען מיט איהם

צום ערשטען דאָקטאָר, און מען וואָלט אפשר געקאנט רעטען אייער פאָטער אין א צייט פון איינינע טעג.

— אָבער, דער מעסער איז דאָך געווען פערגיפטעט, דאָקטאָר, לויט אייער אייגענע ערקלעהרונג.

— יא אזוי האָב איך געזאָגט צוערשט אין געגענוואַרט פון דשעלאַלאַ און דורגאַל אויף דעם פערלאַנג פון גאָווערנאָר, אום די אינטריגאַנטען זאָלען ניט האָבען די מינדעסטע פערדאַכט אויף אונזער געהיימע אונטערזוכונג. איבעריגס, דאַרפט איהר וויסען דאָס ווען א מעסער איז אפילו יא פערגיפטעט האָט עס אמאָל קיין ווירקונג ווען דער מעסער מוז צוערשט דורכשניידען קליידער איי־דער עס קומט צום קערפער. די קליידער ווישען אָפּ די גיפט. נור דאָ האָט איבערהויפּט דער מעסער קיין שפּור פון גיפט געהאָט.

— גלויבט איהר אַלזאָ, דאָקטאָר, אַז מיט שנעלע הילף וואָלט מען געקאנט מיין פאָטער צוריקרופען צום לעבען?

— איך צווייפעל עס ניט. איהר דאַרפט ניט פארגעסען, הערר עדוואַרד אדלער, אַז א מעסער קען נור דאַן טויטען ווען ער ריהרט אָן די געהירן, די לונגען, דאָס האַרץ אָדער די ברוסט. דאָס צו וויסען דאַרף מען קיין דאָקטאָר ניט זיין. אָבער ווען דער מעסער אָדער א קויל, אָדער א שפּיז מאַכט א וואונד אין איין אנדער פּלאַץ, דאַן קען עס נאָך ניט פאַראורזאַכען דעם טויט, סיידען מען לאָזט דעם פערוואונדעטען אָפּלויפען מיט בלוט, אָדער מען לאָזט איהם צו לאַנג ליגען אין אונמאַכט, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט אייער פאָטער.

— און ווי לאַנג, דאָקטאָר, קען א פערוואונדעטער אזוי ליגען אין חלשות אונבעוואוסט און מען זאָל איהם נאָך קענען אָפּמינטערן?

— דאָס ווענדעט זיך נאָך די קרעפטע פון פערוואונדעטען. מיר זעהן פיעל מאָל ווי א געשאָסענער סאָלדאַט ליגט 36 שטונדען און אפט מאָל אויך 48 שטונדען מיט א קויל אין קאָפּ. און דאָך נעהמט מען די קויל אַרויס און דער סאָלדאַט ווערט צוריקגערופען צום לעבען, אין פאַל ווען דער קויל האָט נור ניט אָנגעריהרט די געהירן, אָדער די אנדערע טהיילען אינווייניג פון קערפּער אַן וועלכע עס העננט דאָס לעבען פון מענשען. האָט איהר מיר פער־שטאַנען?

— אָה יאָ, הערר דאָקטאָר, אייער ערקלעהרונג איז זעהר איינפאַך. ווארום האָט מען ניט פּרובירט רעטען מיין פאָטער אין דיזען פאַל?

— איהר דארפט ניט פערגעסען, הערר אדלער, אז סער הענרי האָט געפונען אייער פאָטער געשטאָכען אונגעפעהר פונפצעהן מינוטען נאָך האַלבע נאַכט. מיט צוויי שטונדען שפּעטער איז ער געווען מיט'ן קערפּער אויף'ן באַל, און ערשט אָרום פיער אוהר באַ־גינען האָט מיר די פּאָליציי אויפגעוועקט.

— און וואָס האָט איהר באַלד געטאָן, דאָקטאָר? — האָט עדוואַרד געפרעגט מיט אונגעדולט און פערצווייפלונג.

— איך האָב איהם היגגעלייגט אויף איין אָפּעראַציאָן טיש, און האָב באַלד אויסגעפונען אז דאָס לעבען איז נאָך ניט געווען אין גאַנצען פערלאָשען ביי סער לעאָן אדלער.

— פּאָפּאָ האָט נאָך אַלזאָ געלעבט?

— געלעבט? אַלעס הייסט געלעבט, אזא לעבען ווינש איך די יעניגע וואָס האָבען דיזעס פארברעכען באַגאַנגען, אָבער דאָך האָט ער עפּעס געאָטהימט ווען איך האָב זיין וואונד צוגעריכטעט אז עס זאָל אינוויינינג זיך ניט אריינחאַפּען קיין בלוטפערגיפטונג. אום זעקס אוהר באַגינען האָב איך איהם אָפּגעשיקט אין האָספּיטאָל מעהר טויט ווי לעבעדיג.

עדוואַרד האָט זיך געגעבען אַ חאַפּ פאר'ן קאָפּ און אויסגע־שריען ווי ניט מיט זיין קול:

— אָבער, אום גאָט'ס ווילען, הערר דאָקטאָר, ווארום האָט איהר דאָן ניט מיטגעטהיילט מיר אָדער מיין ברודער אז אונזער פאָ־טער איז ניט טויט אין גאַנצען. מיר וואָלטען פיליייכט געקענט פון איהם אבשיעד נעמען, ער וואָלט פיליייכט זיך געקענט ערהוילען חאָטש אויף אַ ווייַלע אָרויסצוגעבען זיינע מערדער. ווארום, דאָק־טאָר, האָט איהר בעהאַלטען פון אונז דיזע געהיימנוס?

דער דאָקטאָר האָט געגעבען אַ שמייכעל און געזאָגט:

— איהר זיינט דאָכצעך גערעכט, אָבער אויך איך האָב רעכט, אָדער בעסער, דער גאָווערנאָר און איך האָבען רעכט וואָס מיר האָ־בען דאָן געשוויגען.

עדוואַרד האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ ווילדען בליק.

— מיר האָבען אויסגערעכענט — האָט דער דאָקטאָר ווייטער געזאָגט — אז מיר מוזען אזוי האַנדלען.

— אָבער ווארום?

— איהר, הערר עדוואַרד, אייער ברודער און אייערע פריינדע האָט שוין געהאט דעם טויטען אָפּגעווײנט. ווען מיר וואָלטען אייך געקומען זאָגען אז ער לעבט נאָך, וואָלט איהר ווידער געפונען אייער גליק. אָבער איהר וואָלט אויך געמוזט אַ צווייטען מאָל דורכמאַכען דעם בראָך פון אייער פּאָטער׳ס טויט צום צווייטען מאָל, און איך אַלס דאָקטאָר, ווייס גאַנץ גוט ווי ווייט דאָס קען פּעראונגליקען. מיר האָבען אַלזאָ גערעכענט, אין פּאַל ווען אייער פּאָטער שטאַרבט, וועט מען אייך אַלעם דערציילען. ווען עס וועט זיין נאָך אַלעמען.

געדאַנקט איז גאָט — האָט עדוואַרד איהם אונטערבראָכען — וואָס מיין פּאָטער איז ניט געשטאָרבען אויף׳ן פעלד ווי אַ ווילדע חיה נור אין אַ בעט.

דער דאָקטאָר האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג, און האָט ווייטער פאָרטגעזעצט:

— אויך האָט דער גאָווערנאָר, לאָרד לייניאָן שטרענג בע־פאָהלען דאָס קיין לעבעדיגע זעעל, אויסער ער און איך, זאָלען וויסען אז אייער פּאָטער איז אין האָספּיטאָל און מען פּרובירט דאָרט איהם רעטען. עס איז געווען זעהר נעטהיג אזוי צו האַנדלען צוליעב די מערדער, פּונקט ווי עס איז געווען נעטהיג צו אַרעסטירען קליימ־פערשט סער הענרי אויף צו פּלייסענס, אום די מערדער זאָלען ניט דיינקען אז מען האָט די מינדסטע פּערדאַכט אויף זיי.

עדוואַרד האָט זיך צו וויינט.

— אונגליקליכער פּאָטער! — האָט ער געיאָמערט — דו ביסט צוויי מאָל געשטאָרבען!

דער דאָקטאָר האָט אָנגעחאַפּט דעם יונגען מאַן פּאר׳ן האַנד און אויסגעשריען:

— אייער פּאָטער לעבט!!! איך קום יעצט פון האָספּיטאָל. סער לעאָן אַדלער לעבט, ער איז בעסער, ער וועט —

דער דאָקטאָר דיווידאַניו האָט קיין צייט געהאַט צו ענדיגען.

דען עדוואַרד האָט זיך געגעבען אַ שליידער צו זיינע פיס מיט אַ משוגענעם געשריי, אַ קוויטש פון האַלב פרייד, האַלב שמערץ, וואָס האָט געמאַכט אַ שטורים־ווינד אין דאָקטאָר'ס זעלע.

פינף־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# „איהר האָט מיר געהייסען מאָרדען"

פינף טעג זיינען פאַריבער זייט עדוואַרד האָט ערפאַהרען די גליקליכע בשורה אַז זיין פאַטער לעבט.

סער לעאָן אַדלער איז געוואָרן בעסער פון טאָג צו טאָג ביז ער איז אין שטאַנד געווען צו דערציילען אַלע איינצעלהייטען פון פער־ברעכען וואָס די הינדוס האָבען באַגאַנגען אויף איהם יענע נאַכט אויף'ן בית־עולם פון די עלעפאַנטען.

דער אַלטער אַדלער האָט געוואָוסט דורכ'ן גאָווערנאָר פון אַלעם וואָס געהט פאָר. נור פון זיין זוהן'ס פערשווינדונג האָט מען איהם ניט דערציילט.

— אָבער, וואָרום זעה איך ניט מיין עלטערן זוהן הענרי? — האָט ער געפרעגט צו די אַלטע פריינדע וואָס זיינען איהם געקומען זעהן אין האָספּיטאַל.

— סער הענרי ליידעט אויף אַ פוס — האָט מען איהם געענט־פערט — און ער מוז רוהע האָבען איניגע טעג — האָט איהם מיני געענטפערט.

— איז דאָס די ריינע וואָהרהייט, מיין קינד? — האָט דער אַלטער ווידער געפרעגט.

מיני האָט שוין געהאַלטען ביים אַראָפּלאָזען די אויגען און איהר צונג האָט זיך געשטרויכעלט. אָבער עדוואַרד מיט גרייס האָבען איהר אונטערגעכאַפּט.

— געוויס פאָטער, איז דאָס די ריינע וואָהרהייט — האָבען זיי איהם בערוהיגט.

— איהר דאַרפט איבערהויפּט מעהר ניט טרוימען פון שלעכטס — האָט גרייס איהם פערזיכערט — מיר האָבען שוין גענוג

געליטען דיזע קורצע צייט און מיר דארפען מעהר ניט טרוימען פון נייע ליידען.

— וואס דענקט איהר קינדער — האט ער זיך צו זיי געווענ־דעט — ביז איך שוין גענוג שטארק צו פאהרען צום לארד לייניאן?

— צו וועלכען צוועק, פאטער?

— דער גאווערנאר דארף מיר האבען ביי איהם אין הויז אום דורכצוזעצען א געוויסען פלאן. איך דיינק אז מארגען, אויב ניט נאך היינט וועלען ארעסטירט ווערען די גאנצע באנדע.

— וואס זאגט דאקטאר דיווידאנע? — האט עדווארד געפרעגט

— קענסטו פאהרען?

דער דאקטאר זאגט יא.

וועהרענד זיי האבען גערעדט איז אריינגעקומען דער דאקטאר מיט צוויי אפיצירין געשיקט פון גאווערנאר, און נאכדעם ווי זיי האבען זיך א וויילע בארעטען האט דער דאקטאר געזאגט צו עד־ווארד אוןביידע שוועסטער.

— געהט איהר פאראויס צום גאווערנאר, און מיר וועלען נאכקומען מיט א האלבע שטונדע שפעטער.

— מיט פאפא?

— יא מיט סער לעאן אדלער.

— פיל״כט קאנען מיר אייך העלפען?

— ניט נעטהיג — האט דער דאקטאר איהם איבערגעשלאגען אין מיטען.

— מיר געהן שוין.

— פארגעסט ניט אז אייער פאטער׳ס רייזע צום גאווערנאר דארף קיינער ניט וויסען אויסער אייך — האט זיי דער דאקטאר נאכגעשריען.

ווען עדווארד מיט די צוויי שוועסטער זיינען אנגעקומען אין הויף פון גאווערנאר האט זיי א לאקיי אריינגעפיהרט דורך א הינטער טיהר און קיינער האט זיי ניט באמערקט אריינקומען.

מען האט זיי אנגעוויזען א פלאץ אין די פריוואט ביבליאטעק פון גאווערנאר וואו זיי האבען זיך אויפגעהאלטען. נאך דיזען צימער איז געווען א שלאף צימער, און צו לעצט א שעהנער זאל פון וואנען עס האט זיך געהערט א געשפרעך צווישען גאווערנאר און פרעמדע.

דיזע פרעמדע זיינען געווען קיינע אנדערע ווי דשעלאלא און דורגאל.

— אלזא איז נאך סער הענרי אלץ פארשוואונדען? — האט דשעלאלא געפרעגט דעם גאווערנאר—דאס שיינט מיר צו זיין זעהר מערקווירדיג.

— און איך געפין עס פאר זעהר נאטירליך — האט דורגאל איהר אונטערבראכען — ווארום זאל ער ניט ענטלויפען? איז דען בעסער צו זיצען אין געפענגעניש און געאורטיילט ווערען אלס פא־טער מערדער?

— איבריגענס — האט דשעלאלא באמערקט — מאכט סער הענרי א גרויסען פעהלער וואס ער בעהאלט זיך. דיזע האנדלונג פון איהם באשטעטיגט דאך אז ער איז דער מערדער.

— הענרי׳ס פארברעכען דארף מעהר קיין באשטעטיגונג — האט דורגאל געזאגט מיט א שמייכעל.

ביי דיזע ווערטער האט דער אפיציר מעדליי געגעבען א וואונק דעם גאווערנאר, און דיזער האט צוריק געענטפערט מיט א וואונק לאכענדיג.

דשעלאלא און דורגאל האבען ניט געוואוסט וואס דיזע שטומע פאנטאמימע בעדייט. אבער לארד לייניאן, יא. וואהרשיינליך פאר־שטעהסטו אויך, לעזער, אז מיט דיזען וואונק האט מען אנגעזאגט דעם גאווערנאר אז מען האט געבראכט סער לעאן אדלער. מען האט איהם אריינגעטראגען מיט׳ן רייזע שטוהל מיט אלעמען דורך די הינטער טיהר פון פאלאץ אין שלאף־צימער וואס איז געווען צווי־שען די ביבליאטעק אין דעם זאל וואו דער גאווערנאר מיט זיינע געסט זיינען געזעסען.

עדווארד אוןביידע שוועסטער האבען געקושט זייער ליבען גאסט און אויך זיי זיינען מיט איהם אריין שטילערהייט אין שלאף־צימער. דא האבען זיי אלע געקענט הערען יעדעסווארט וואס ווערט גערעדט אין זאל.

— איהר זאגט אז סער הענרי׳ס פארברעכען דארף מעהר קיין באשטעטיגונג — האט דער גאווערנאר געזאגט צו דורגאל׳ן — און איהר דיינקט אז ער איז ענטלאפען אום אויסצומיידען די שטראף פון דער געזעץ. איך האב אבער א גאנץ אנדערע מיינונג.

לארד לייניאן האט זיך אפגעשטעלט.

— וואס איז אייער מיינונג, מיין לארד? — האט דשעלאלא געפרעגט מיט א טאן פון נאכלעסיגקייט.

— איך דיינק — האט דער גאווערנאר ערווידערט — אז די זעלבע הענד וועלכע האבען באגאנגען דאס פארברעכען אויף מיין פריינד סער לעאן, די זעלבע הענד האבען בייזעס געטאן זיין זוהן.

— גלויבט איהר דען ניט, מיין לארד אז סער הענרי איז דער מערדער? — האט דורגאל געפרעגט.

— ניין.

— ווער אלזא?

— איהר דארפט עם בעסער וויסען.

— געוויס וויסען מיר, אבער ווי באלד אז איהר האט איין אנדערע מיינונג — האט דשעלאלא געמורמעלט.

— מיין מיינונג איז אויך אייער מיינונג.

— ווי אזוי? — האט דורגאל געפרעגט.

— ווייל די וואהרהייט קען נור האבען איין מיינונג, און דיזע וואהרהייט ווייסט איהר אזוי גוט ווי איך, אז ניט סער הענרי איז געוועזן דער פארברעכער אויף'ן בית עולם פון די עלעפאנטען.

— ווער דען?

— די פארברעכער זיינט איהרביידע! — האט דער גאווערנאר אויסגעשאסען ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף דשעלאלא און דורגאל.

דשעלאלא איז בלאס געווארען. אבער דורגאל האט אנגענומען א שטאלצע מינע און געפרעגט:

— מיר זיינען די פארברעכער! וואו זיינען די באווייזע, מיין לארד.

— איהרווילט באווייזע — האט דער גאווערנאר ערווידערט מיט א ממזר'שען שמייכעלע — איך וועל אייך שוין געבען באווייזע.

ביי דיזע ווערטער האט ער געעפענט דעם פארהאנג פון טהיר. סער לעאן אדלער איז געזעסען אין זיין רייזע שטוהל אויף א גרויסען קישען, נעבען שטוהל זיינען געשטאנען עדווארד, מיני און גריים.

— סער לעאָן אדלער אַליין וועט אייך זאָגען ווער עס האָט איהם געבראַכט אויף'ן פּלאַץ, ווער עס האָט איהם געהייסען שטעכען און ווער האָט איהם געשטאָכען.

דשעלאַלאַ האָט געגעבען אַ קוויטש, און דורגאַל האָט זיך אומ־געקעהרט מיט די אויגען צום וואנד.

מיט אַ זאנפטע שטימע האָט לעאָן אדלער געזאָגט:

— יאָ מיין לאָרד, דיזע צוויי האָבען דעם באפעהל געגעבען מיר צו שטעכען.

— וואָס זאָגט איהר יעצט מיינע האָכגעשעצטע פּרינצעזין פון בענגאַל? — האָט דער גאָווערנאָר זיי געפרעגט.

— דורגאַל האָט קיין וואָרט געענטפערט, אָבער דשעלאַלאַ האָט זיך געגעבען אַ וואָרף צום גאָווערנאָר'ס פיס און האָט אויסגעשריען:

— איך בין שולדיג, מיין לאָרד.

— איהר זייט מיינע געפאנגענע האָט דער גאָווערנאָר געזאָגט.

— איך אויך? — האָט דורגאַל געפרעגט.

— האָט איהר ניט געהייסען מיר ערמאָרדען? — האָט סער לעאָן אדלער אויסגעשריען צו דורגאַל'ן.

— יעצט מאַדאַם — האָט דער גאָווערנאָר ווייטער געזאָגט

— זאָלט איהר אונז באַלד מיטטהיילען וואו איז **סער הענרי. לעבט ער?**

זי האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט.

— איך האָב אייך עפּעס געפרעגט, מאַדאַם — האָט לאָרד לייניאָן ווידערהאָלט מיט אַ זעהר ערנסטען טאָן — און איך וואַרט אויף ענטפער.

דשעלאַלאַ האָט זיך צואוויינט.

— אַזוי גאָר, מאַדאַם, אויך איהר האָט טרערען — האָט זיך מיני אריינגעמישט.

דער גאָווערנאָר האָט געגעבען מיני בלום אַ וואונק זי זאָל שווייגען, און האָט זיך ווידער געווענדעט צו דשעלאַלאַ'ן.

— איהר זאָלט וויסען זיין — האָט ער געזאָגט — אַז ווען איהר וועט נור יעצט זאָגען די ריינע וואהרהייט, וועט אייך פיעל בעסער זיין. איהר האָט אָנגעפאַנגען זאָגען די וואהרהייט, זאָגט אַלעס וואָס איהר ווייסט פון סער הענרי. לעבט ער?

ער איז ביי מיר אין פּאַלאַץ און ער ווערט גוט באַהאַנדעלט.

— יא מיין לאָרד — האָט זי געענטפערט מיט טרערען — ער

— ווי קענען מיר איהם האָבען יעצט היער?

— איך קען איהם געהן ברייגנען, מיין לאָרד.

— אה ניין, מאַדאַם, דאָס קענט איהר ניט.

— איך וועל געהן בעגלייטעט פון אייער וואך, מיט אָפיצירען און זשאַנדאַרמען וועלכע שטעהן יעצט אין הויף און וואַרטען.

— אה ניין, עס איז אַ צופיעל געפעהרליכע שליחות. איהר מוזט דאָ בלייבען און פון דאַנען שיקען איינעם פון אייערע בע־דינטע מיט אַ בריעף, מען זאָל הערען אייער באַפעהל און איהם ארויסגעבען.

האָט איהר דאָ פיעלע בעדינטע וואָס וואַרטען אויף אייך אויסערהאַלב מיין פּאַלאַץ?

— פיער הינדוס און מיין אַדיוטאַנט סאַגאַר.

דער גאָווערנאָר האָט זיך אָפּגערוקט אַן אַ זייט און האָט עטוואָס געמורמעלט אין אויער דעם אָפיציר מעדליי.

דיזער איז באַלד ארויס פון פּאַלאַץ און איז געקומען צוריק אין פינף מינוטען.

— זאָל איך אריינפיהרען אייער דינער סאַגאַר? האָט דער גאָווערנאָר איהר געפרעגט.

— יא, מיין לאָרד.

— איהר טאָרט אָבער איהם ניט געבען קיין שפּור פון אייער יעצטיגע לאַגע.

דורגאַל וואָס איז געשטאַנען ביז יעצט אומגעקעהרט צום וואַנד האָט זיך אומגע־דרייהט מיט'ן געזיכט צום גאָווערנאָר.

— איהר מוזט אָבער צו ערשט אנשרייבען, מאַדאַם דיזע צייל־ען וואָס איך וועל אייך דיקטירען אין אייער שפּראַך.

מען האָט איהר געגעבען אַ פעדער און פּאַפּיר.

דער גאָווערנאָר האָט איהר דיקטירט:

איך פרינצעסין דשעלאַלאַ, טאָכטער פון סיוואַ, באַפעהל „דורך מיין אַדיוטאַנט סאַגאַר צו ברייגנען סער הענרי צו מיר „ביי דעם גאָווערנאָר לאָרד ליניאַן אין פּאַלאַץ. ער וועט פון

„היער טראַנספּערירט ווערען אין געפענגעניש אַלס דער פּאַ־
„טער מערדער.

דשעלאַלאַ.

דער גאָווערנאָר האָט גענומען דאָס צעטעלע און האָט עס ארויסגעשיקט דורכ׳ן אָפיציר מעדליי צו סאַגאָר׳ן.

— עס איז ניט נעטהיג סאַגאָר זאָל דאַ אריינקומען און אייך זעהן. ער קען עפּעס מערקען אויף אייך און אייער פריינד — האָט דער גאָווערנאָר געזאָגט מיט אַ בייסענדען שמייכעל.

— אונגליקליכע! פּעררעטהעריין! — האָט דורגאַל אויסגע־שריען — וואָס האָסטו געטאָן?

דשעלאַלאַ האָט איהם קיין ענטפער געגעבען.

— וואָס הער איך! — האָט סער לעאָן אויסגעשריען פּערצי־טערט זיצענדיג אויף׳ן קישען — מיין זוהן העגרי איז פארשוואונ־דען! אָבער מיין הארץ האָט מיר געזאָגט דאָס עס האָט פּאַסירט מיט איהם איין אונגליק.

— מיר זיינען געווען געצוואונגען, פּאַטער, צו פערהוילען פון דיר די וואהרהייט — האָט עדוואַרד בארוהיגט סער לעאָן — אָבער דו זעהסט דאָך אַז עס האָט איהם קיין שלעכטס פּאַסירט. ער וועט באלד היער זיין.

— דאָס אַלעס הער איך, מיין קינד, אָבער איך זעה עס נאָך נים.

— איהר מעגט רוהיג זיין — האָט מיני צוגעשטימט אינדעם זי האָט געציטערט ווי אַ בלאַט.

— ווי קען איך רוהיג זיין — האָט דער אַלטער געמורמעלט —איך קען ליידער צו גוט די באַנדע.

אויך איך פערזיכער אייך, סער לעאָן, — האָט דער גאָווערנאָר זיך אריינגעמישט — אַז אייער זוהן איז ניט מעהר אין געפאַהר.

דער גאָווערנאָר האָט געוואָלט נאָך מעהר זאָגען, אָבער אין פּאַלאַץ איז געוואָרען אַ טומעל. עס האָט זיך געהערט אַ שיסעריי פון דער וויימען, און סאָלדאַטען אויף פערד האָבען געלאָפירט פון אַלע זייטען אין דער נאַכבארשאַפט פון ווייסטען טעמפּעל פון סיווא.

---

זעקס־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# ענדע גוט אַלעס גוט

ווען סאַגאַר האָט פערלאָזען דעם גאָווערנאָר׳ס הויף, האָט ער ניט באמערקט ערשטענס אַז געהיימע פּאָליציסטען האָבען איהם נאָכגעשפּירט, און צווייטענס אַז באלד ווי ער האָט זיך נור דער־ווייטערט אַ הונדערט טריט פון גאָווערנאָר׳ס גאָרטען האָט מען אַרעסטירט די פיער הינדוס וועלכע האָבען געוואַרט אין דרויסען אויף זייער ווירטהין און איהר פריינד.

דיזען טריט האָט דער גאָווערנאָר גענומען אום זיך צו באוואָ־רענען אַז די הינדוס זאָלען ניט מערקען פון די מיליטערישע פאָר־בערייטונגען וואָס זיינען פאָרגעגאַנגען מיט די גרעסטע שנעלקייט אין דער נאָכבאַרשאַפט פון גאָווערנאָר׳ס פּאַלאַץ.

400 סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָלאָנעל וואַאיט האָבען זיך געהאַלטען פערטיג אָנצוגרייפען די באַנדע רעוואָלוצי־אָנערען און פאַנאַטישע מערדער וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין פאַרבאָרגענעם הייל, לויט ווי סער לעאָן אַדלער האָט אַלעס אָנ־געצייגט. אויך דער קליינער קאַזיל האָט איבערגעגעבען אַלע געהיימ־ניסע ווי אַזוי ער אַליין איז געווען פערשוואָרען צו דער באַנדע, און דאָס דשעלאַלאַ האָט ערוואַרטעט מיט אונגעדולד סער הענרי׳ס אָנקונפט אין בענגאַל.

עס האָט גענומען גוטע פיער שטונדען ביז סאַגאַר איז ווידער ערשינען מיט סער הענרי וועלכער איז געווען בלאַס ווי אַ טוד, און בעגלייטעט פון צוויי הינדוס. דער יונגער מאַן האָט ניט געוואוסט וואו די הינדוס פיהרען איהם.

זיי האָבען געוויס געקריגען אַ באַפעהל פון דשעלאַלאַ מיר צו ערמאָרדען — האָט הענרי געטראַכט ווען זיי האָבען איהם אַרויס־געפיהרט פון הייל.

אָבער, דער שוואַרצער וואָלקען פון זיינע טרויעריגע געדאַנקען איז באַלד פאַרשוואונדען ווען ער האָט געזעהן אַז זיי פיהרען איהם צום גאָווערנאָר׳ס פּאַלאַץ.

ווי זיי זיינען אָנגעקומען אין דער נאַכבאַרשאַפט פון פּאַלאַץ האָבען צוויי אָפיצירען באַלד איבערגענומען סער הענרי פון די הינדוס, און מען האָט איהם אריינגעפיהרט צו לאָרד לייניאָן, אין דער צייט ווען פּאָליציסטען האָבען אַרעסטירט די הינדוס, אויך סאַגאַר דאַרונטער.

— אך די פאַרדאַמטע ענגלענדער! — האָט סאַגאַר געקריצט מיט די ציין ווען מען האָט איהם געפיהרט — מען האָט אונז אָפּ־געשפּילט אַ פינסטערע שטיקעל אַרבייט.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך געהערט אַ שיסעריי אייניגע מייל ווייט פון גאָווערנאָר'ס פּאַלאַץ. סאָלדאַטען האָבען באַלאַגערט דעם הייל און אַבוואָהל די פאַנאַטישע הינדוס פון אינווייניג האָבען זיך זעהר גוט פאַרטהיידיגט, האָבען דאָך די ענגלישע געוועהר גע־זיעגט. אַ פונפציג הינדוס זיינען געבליבען טויט און איבער הונדערט געפאַנגען.

מען האָט צוגענומען פון דשעלאַלאַ'ס פּאַלאַץ אַלע געהיימע דאָ־קומענטען, און די ענגלישע רעגירונג האָט קאָנפיסקירט איהרע אוצרות.

לעזער! דו ביסט נייגעריג צו וויסען וואָס עס איז געוואָרען פון אונזערע העלדען

עס האָט גענומען אַ גוטע צייט ביז דער דאָקטאָר דיווידאָנע האָט לאַנגזאַם אָנגעזאָגט סער הענרי, אַז זיין פאָטער לעבט, אויף די זעלבע אַרט ווי ער האָט עס מיטגעטהיילט עדוואַרד'ן, אָבער הענרי האָט עס נאָך וויניגער געוואָלט גלויבען, און ער האָט אויס־געשריען:

ווי קען עס זיין דאָקטאָר? איך האָב דאָך אַליין אַרויסגעצויגען דעם מעסער פון מיין פאָטער'ס קערפּער?

— יאָ, סער הענרי — דער הינדו האָט זיין מעסער געצילט אין אייער פאָטער'ס ברוסט און האָט איהם געשטאָכען אויף דיזען פלאַץ, אָבער איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען אַז דער מעסער האָט באַדאַרפט דורכשניידען אַ ראָק, אַ וועסט, אונטערוועש מיט קנעפּ. ביז עס איז געקומען צום טהייל פון קערפּער האָט דער מעסער זיך פערדרעהט אַן אַ זייט און ער איז אריין צוויי אינטשעס טיף, אָבער ניט אין ברוסט!

ווען דער דאָקטאָר האָט געענדיגט זיין ערקלעהרונג און האָט האָט איהם אנגענומען פאר'ן האנד אריינפיהרען צו זיין פּאַטער, איז סער הענרי געפאַלען אויף'ן דאָקטאָר'ס האלז און האָט איהם בעדעקט מיט קושען.

מיט אכט טאָג שפּעטער איז סער לעאָן אדלער געווען א דאָ־פּעלטער מחותן. ער האָט געפיהרט זיינע ביידע זיהן אונטער דער חופּה: הענרי מיט מיני, און עדוואַרד מיט גרייס.

דעם פּרינץ דורגאַל סאהיב האָט מען געשאָסען, צוזאמען מיט אנדערע אנפיהרער פון דער רעוואָלוציאָן, און וואָס אנבעטרעפט די פּרינצעסין דשעלאַלאַ, דערפאַר וואָס זי האָט זיך מודה געווען, און אויך ווייל הענרי האָט פאר איהר געבעטען, האָט מען איהר פאר־שיקט אויף'ן אינזעל צייל̇אָן וואו די ענגלישע רעגירונג גיט איהר טויזענד פונט סטערלינג יעדעס יאָהר.

דשעלאַלאַ איז דאָרט יעצט די מוטער פון א שעהנע בייבי וואָס זעהט אויס זעהר איראָפּעאיש. אויף זיין קלאָרעם געזיכטעלע ווי אויך אויף זיינע בלאָנדע הערעלאך קען מען זעהן, אז זיין פּאַטער איז ניט קיין הינדו.

אָבער דשעלאַלאַ איז ניט מעהר וואָס זי איז געווען. מען זעהט איהר אָפט ארומוואַנדלען אין איהר קליינעם גאָרטען מיט איהר מאַסקע אויף'ן געזיכט און זי רעדט צו הענרי. ווענען זי זעהט מעהר ניט. זי ליגט אָפטמאָל א גאַנצע נאַכט אין דרויסען אונטער בלויען געוועלב פון הימעל און איהרע געדאנקען שוועבען אויף די פליגלען פון איינבילדונג דאָרט וואו זי האָט צום ערשטען מאָל בעקאַנט־שאפט געמאַכט מיט הענרי, ביז זי זינקט איין א זיסען היהנער־פּלעט. אָבער דאָס דויערט ניט לאַנג — די שרעקליכע רעאַליטעט איז ווידער דאָ, און זי דערמאָנט זיך אז זי איז ניט מעהר ווי א פערשיקטע אונגליקליכע וועלכע האָט צו טייער באַצאָלט פאר איהר פייערדיגע ליעבע. זי מורמעלט אָפט צו זיך אליין דיזען מאָ־נאָלאָג:

— וואָס טויג מיר מיין לעבען אָן ליעבען? וואָס קען טאָן א פּאָעט מיט א האַרפּע אָן סטרונעס? וואָרום איז צו מיר געקומען די ליעבע פון א פּערזאָן וואָס וויל מיר ניט צוריק ליעבען? וואָרום בין איך דורסטיג ווען איך האָב קיין קוועלע צו לעשען מיין דורסט?

ווארום קען איך ניט פליהען פונקט ווי יענע פייגעלאך אין בענגאל אום צו קענען אנקוקען נאך א מאל דאס רייצענדע געזיכט פון דעם וואס האט געפאנגען מיין הארץ? אך סיווא! די געטער! די לײדענשאפט ברענט אין מיר ווי א קאלך אויווען, און איך ווייס ניט ווי צו לעשען! דאס פייער פון ליעבע פארוואונדעט מיין זעעלע — אבער וואו איז ליעבע'ס בוימעל מיט האניג? איך בין אייפערזיכטיג אויף דאס וואס איז ניט מיינע, איך מאך חן'דעלאך צום שאטען פון א שאטען! מיינע זיפצען האבען קיין ווידער קול, און איך דריק מיט מיינע ליפען דאס וואס איז ווייט פון מיר. איך צייל די מינוטען, איך ווייס ניט וואס, און איך גיב הייסע קושען דעם ווינד וואס גיט מיר ניט אפ צוריק!

אפטמאל ציהט זיך דשעלאלא אן איהר באל קלייד מיט די קליינע מאסקע אויף איהר געזיכט. זי פארשטעקט זיך צווישען די ביימער פון איהר גארטען ווי א פארוואונדעטע טויב און זי זיפצט ווי א פארבלאנדזעטע נאכטיגאל אויף'ן בית עולם:

העגרי, מיין הענרי... דא בין איך ווידער מיט מיין מאסקע, מיין בעצויבערטען דעק־טוך. הענרי, איך בין ניט דשעלאלא, איך בין דיין דיענסט, קום הענרי, העלף מיר זינקען אין שטילען גארניט, פערשלעפער מיר אויף אייביג אין בוזים פון די געטער.

ענדע

# מעשה׳לעך פאַר קינדער

## פון תשר״ק

## מיט צייכנונגען פון „לאלא״

דערצעהלען אַ מעשה פאַר קינדער איז אַ גרויסע קונסט. דאָס רוב קינדערשע מעשה׳לעך זיינען געשריבען פון מענשען, וואָס האָבען ווייניג פערשטאַנען די נשמה פון אַ קינד.

אַט וואָס תשר״ק דערצעהלט וועגען דעם, ווי ער האָט זיינע קינדער־מעשה׳לעך געשריבען: —

„אין מיין אַרבייט האָבען מיר געהאָלפען צוויי שטרענגע קריטיקער, מיינע אייגענע צוויי טעכטערלעך, זשאַנעט ניין יאָהר אַלט און מרים זיעבען. יעדע פון די מעשה׳לעך אין דער זאַמלונג האָב איך זיי פאָרגעלעזען און איך האָב מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו די בעמערקונגען פון מיינע יונגע קריטיקער. דאָס וואָס זיי האָבען ניט געקענט פאַרנעהמען, דאָס וואָס האָט זיך „ניט געשיקט״ און דאָס וואָס האָט זיך געלאָזט פרעגען אויף דעם „ווי איז דאָס מעגליך?״ האָב איך אויסגעלאָזען.

„מעשה׳לעך פאַר קינדער דאַרפען זיין ריין און עסטעטיש. זיי מוזען האָבען אַ טענדענץ צו גוטע און שעהנע זיטען און איינפלאַנצען אין די יונגע הערצער אַ שטרעבען צו אַלעם וואָס איז שעהן און נאָבעל אין לעבען״.

דאָס איז אַ בוך פאַר קינדער, וואָס ווילען זיך לערנען אידיש, אַליין צו לעזען, אָדער מיט די הילפע פון לעהרער. עלטערען, וואָס ווילען האָבען אמת שעהנע מעשה׳לעך צו דערצעהלען זייערע קינדער, וועלען אין דיזען בוך געפינען גראַדע דאָס, וואָס זיי דאַרפען.

שעהן געדרוקט מיט אַרטיסטישע צייכנונגען.

## אַנדערע ביכער פון תשר״ק

# חיים
# דער קאָסטאָמער
# פעדלער

די גאַנצע אידישע וועלט קען יעצט דעם שעהנעם בעל הבית פון בלאָטעטאָון, חיים דער קאָסטאָמער פעדלער אָדער ווי ער רופט זיך יעצט „מיסטער טשאַרלי קאַרפ״. צוליעב איהם איז בלאָטעטאָון געוואָרען בעריהמט בכל תפוצות ישראל.

„בלאָטעטאָון״ שטעלט פאָר דאָס לעבען אין אַ קליין אידיש וועלטעל, אַ פאָרשטאָדט פון אַ גרויסער אידישער שטאָדט אין אַמעריקאַ. אין דער קליינער וועלטעל לעבען קליינע אידעלעך, וואָס זוכען נאָכצומאַכען די אידען פון דער גרויסער שטאָדט מיט זייערע קאָנגרעגיישאָנס און סאָסייעטיס, זייערע שוהלען און חברות, זייערע רעווערענדס, שמשים און אַנדערע כלי קודש, זייערע קהל׳שע קנאַקערס, תקיפים, פאָליטישענס און פראָפעסיאָנעלע „אוהבי ישראל״... דערביי ווערט אויך געשילדערט דאָס פאַמיליען-לעבען פון דער שטעדטעל מיט אַ סימפּאַטישען הומאָר, וואָס ברייננט ארויס אַ האַרציגען גוטמוטיגען געלעכטער.

פונקט 69 ערצעהלונגען — אַלע דורכאויס פול מיט דעם לעבעדיגסטען הומאָר.

פראַכטפאָל געדרוקט און געבונדען.



# דזשאָו דער ווייטער

## פון תשר״ק

„דזשאָו״ איז אַ טיפּ פון דער אידישער ניו יאָרק. ער איז אַ קעלנער אין דער „קיבעצאַרניע״, אַ רעסטאָראַן, אין וועלכען עס קומען אַריין משכילים, שריפטשטעלער און סתם ליבהאָבער פון קונסט. און וועהרענד דזשאָו שפּייזט זיי־נע קונדען מיט מילכיגע לאָקשען און שטרודעל נאַשט ער בײַ זיי אידעען וועגען ליטעראַטור, דראַמע און אַנדערע צווײַ־גען פון קונסט, און ער זאָגט זיי איבער אויף זיין אייגענעם אָריגינעלען שטייגער.

אַ וועלט מיט לעבען געפינט זיך אין די מעשה׳לעך, וואָס דזשאָו דערצעהלט, און אַלע זיינע מעשה׳לעך זיינען בעזאַלצען און בעפּעפּערט מיט זיין אייגענע פילאָזאָפיע.

30 ערצעהלונגען פון „דזשאָו״ און דערצו גאַנצע 17 אַנדערע הומאָריסטישע ערצעהלונגען.

געבונדען אין אַ פּראַכטפאָלען באַנד.

| | |
|---|---|
| חיים דער קאָסטאָמער פּעדלער . . . . | $1.00 |
| דזשאָו דער ווייטער . . . . . . | 1.00 |
| ביידע ביכער צוזאַמען . . . . . . | 1.50 |

